דער

# שוואַרצער בוך

די אויטאָריזירטע אידישע איבערזעצונג פון

**"THE JEWS IN THE EASTERN WAR ZONE"**

(די אידען אין די מלחמה־געגענדען פון מזרח־אייראָפּאַ).

— פון —

## וויליאַם פּויזניאַק

מיט דער ערלויבניס פון דער „אמעריקאַז דזשואיש קאָמיטע".

נויארק

1916

# די אידען אין דעם מזרח קריעגס ראיאָן.

## איינליטונג:

פון די אַלע פעלקער וואָס האָבען שווער געליטען פון דער יעצטיג־ער מלחמה, האָט קיינע נישט געטראָגען קיין גרעסערע משא ווי די אידען — אין פיזישען און עקאָנאָמישען פערלוסט, אין מאָראַלישע און גייסטיגע יסורים.

ביי היינטיגען טאָג שלאָגען אידען איינע די אנדערע אין אַלע ארמעען פון אייראָפּא. רוסלאנד אליין האָט איבער 350 טויזענד אידישע סאלדאטען; עסטרייך האָט איבער 50 טויזענד; בסך־הכל זיינען פיעלייכט דאָ א האלבער מיליאָן אידען אין די רייהען פון די קעמפּפענדע ארמעען.

די אידען טראָגען דעם גאנצען שטוים פון די מלחמה צרות נישט בלויז אויפ׳ן שלאַכטפעלד, וואו זיי ליידען צוזאמען מיט דער גאנצער וועלט, נאָר אויך אין זייערע הימען, וואו זיי זיינען אויסגעזונדערט געווארען דורך זייער אייגענטהימליכע געאָגראפישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאגע, פאר אונגליק וואָס איבערשטייגט דעם אונגליק פון אַלע אנדערע.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, איז א העלפט פון דער אידישער בעפעלקערונג פון דער וועלט געכאַפּט געוואָרען אין א פאסטקע אין א ווינקעל פון מזרח אייראָפּא, וואָס איז אבסאָלוט אָפּגעשניטען פון אַלע נייטראַלע לענדער און פון דעם מעער. רוסיש־פּוילען, וואו איבער צוויי מיליאָן אידען האָבען געוואוינט, איז אָפּגע־האקט פון דער ארומיגער וועלט. צו דרום זייט פון פוילען איז גאליציען, דיא גרענעץ־פּראָווינץ פון עסטרייך. דאָ האָבען געוואוינט נאָך א מיליאָן אידען. הינטער רוסיש־פּוילען געפינען זיך די פופצעהן רוסישע גובערניעס וואָס האָבען צוזאמען מיט פּוילען געבילדעט דעם

**תחום המושב** (טשערטאַ אָסיעדלאָסטי). דאָ האָבען געוואוינט **נאָך פיער מיליאָן אידען.**

**און אזוי האָבען זיעבען מיליאָן אידען — א בעפעלקערונג וואָס איבערשטייגט** בעלגיען מיט א מיליאָן — געקראָגען דעם גאנצען שטוים פון דער מלחמה. הינטער זיי איז געווען די „הייליגע רוסלאנד“, וואָס איז פאר זיי **געשלאָסען** דורך די מאי גזיצע פון 1881. אין פראָנט זיינען געווען **די פיינדליכע** דייטשלאנד און עסטרייך. צו דרום זייט די אונפריינדליכע **רומעניען.**

**זיי זיינען** דערשלאָגען געווארען וואו זיי זיינען געשטאנען, און איבער זייערע קערפערס האָבען געקרייצט און איבערגעקרייצט די דייטשע ארמעען פון מערב זייט, די רוסישע ארמעען פון מזרח זייט און די עסטרייכישע ארמעען פון דרום זייט. אמת, אלע איינוואָהנער פון דיעזען שטח האָבען געליטען פון די רציחות און פלינדערייען פון דער מלחמה, אבער אין קיין גראד קען מען זיי פערגלייכען צו די ליידען פון די אידען. די שטרייטענדע ארמעען האָבען בעטראכט פאר פּאָליטיש, אין א געוויסע מאָאָס, צו געווינען דעם גוטען ווילען פון די פּאָליאַקען, רוטהענער און די אנדערע ראסען אין דיעזען שטח. זיי האבען געליטען בלויז פון נויטהיגע און אונפערמיידליכע צרות פון מלחמה. די אידען אָבער זיינען געווען פריינדלאָז, זייער רעליגיאָן פערדאמט. אין דיעזען מיטעל אלטערליכען ווינקעל פון דער וועלט׳ס גאנצען רעליגיעזען פאנאטיזם פון די רוסען, דעם שאָוויניזם פון די פּאָליאַקען, צוזאמען מיט דער בלוטדורשטיגקייט וואָס בעהערשט אלע מענשען אין מלחמה — אלע דיעזע שרעקליכע שנאות האָבען זיך צוזאמענגעגאָסען אין איין שטראָם וואָס האָט זיך געגאָסען אויף די אידען.

הונדערטע טויזענדע זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון **זייערע** היימען אונטער א טאָג נאָטיס. די גליקליכערע האָט מען פערפאקט און ארויסגעשיקט אלס פראכט — די אלטע, קראנקע און וואהנזיניגע; מענער, פרויען און קינדער; זיי ארומגעשליידערט פון פראָווינץ צו פראָווינץ, אָפּגעלעגט אויף זייטיגע טרעקס אויף לאנגע טעג אָהן שפייז און אָהן שום הילפע. די ווייניגער גליקליכע האָט מען איינפאך פעריאָגט **אין די וועלדער** און זומפען דאָרט צו שטאַרבען פון הונגער. **אידישע** שטעדט זיינען אומיסטע צופלינדערט און פערברענט געוואָרען. הונדערטע אידען זיינען פערטראָגען געוואָרען אלס משכנות נאָך דייטש־

לאנד, עסטרייך און רוסלאנד. טייפלישע סצענען פון תאוה און גרויזאמקייט האָבען זיך אָפּגעשפּיעלט עפענטליך אין דעם ליכט פון דעם טאָג. עס זיינען דאָ צעהנדליגע שטעדטלאך וואו עס איז נישט געבליבען קיין איינציגע פרוי וואָס איז ניט געשענדעט געוואָרען. פרויען, יונגע און אלטע, האָט מען אויסגעטהאָן נאַקעט און געקנוטעוועט אויף די פובליק סקווערס. אידען זיינען פערברענט געוואָרען לעבעדיגערהייד אין שוהלען, וואו זיי זיינען געלאָפען זוכען שוץ. טויזענדע זיינען היגגעריכטעט געווארען אונטער די שוואכסטע אויסריידען, אדער גלאַט אזוי אוים צוועקלאָזע גרויזאמקייט.

דיעזע אידען האָבען נישט געהאט קיין ענגלאנד, וואוהין צו אנטלויפען, ווי די בעלגיער. די סימפּאטהיע פון דער אויסערליכער וועלט איז פאר זיי געוועזן אפּגעשלאסען. זיי האָבען נישט געהאט דיא טרויסט צו וויסען דאָס זיי קעמפּפען‌צ פיר זייערע אייגענע היימען, אדער אפילו פאר מיליטערישען כבוד, אדער אין דער האָפנונג צו קריגען עפּעס אנערקענונג אדער בעלוינונג. דער איינציגער געדאנק וואָס זיי האָבען געהאלטען טהייער, איז נאָר געווען דאָס ווען דער קאַמף וועט זיין פאַראיבער, וועלען זיי ווענינגסטענס קענען קריגען דיא יעניגע עלעמענטארישע רעכטע וואָס מען ענטזאגט נישט צו קיין אנדער פאלק — דאָס רעכט צו לעבען און זיך צו בעוועגען פריי אין דעם לאנד פון זייער געבורט אדער אדאָפּטירונג, צוא ערציהען זייערע קינדער, צו מאכען א לעבען, צו דיענען גאָט לויט דער דיקטירונג פון זייער געוויסען.

---

## רוסלאנד.

---

כמעט א העלפט פון דער אלטוועלטליכער אידישער בעפעלקערונג וואוינט אין רוסלאנד, אין דעם שטח פון דעם מלחמה־ראיאָן, צוזאמענגעדריקט אין שטעדט וואָס זיינען די ערשטע אנגריעפס־פונקטען. די שרעקליכע לאגע פון די אידען אין רוסלאנד אין נארמאלע צייטען איז גוט בעוואוסט. פערבאָטען צו וואוינען ארוים פון דער גרויסער גהעטא וועלכע איז בעוואוסט אלס די „טשערטא אסיעדלאָסטי“, בעדריקט פון ספעציעלע שטייערען, ענטזאגט אפילו די מאָגערע

בילדונגס׳ פריווילעגיען וואָס אנדערע האָבען יא, גע׳רודף׳ט פון א קאָרופטער פאָליציי, א פיינדליכע רעגירונג און אן אונפריינדליכע בעפעלקערונג — אין קורצען, דעגראַדירט עקאָנאָמיש און בערויבט פון רעכט פאָליטיש — האָט זייער צושטאנד אימער פאָרגעשטעלט דעם עקסטרעם פון צרות. ס׳איז געווען די אָפען־אויסגעדריקטע פאָליטיק פון די רעאקציאָנערען וואָס רעגירען איבער רוסלאנד, צו לעזען דיא יודען־פראגע דורך פטור ווערען פון דיא אידען. „איין דריטעל וועט זיך אויס־שמד׳ן, איין דריטעל וועט אויסוואנדערען נאָך אמעריקא און איין דריטעל וועט שטארבען פון הונגער אין רוסלאנד“ —דאָס איז געווען דאָס ציניש ווערטעל. און אזוי איז עס טאקע געווען. טויזענדע האָבען זיך אויסגע׳שמד׳ט, צעהנדליגע טויזענדע זיינען אויסגעשטאָרבען פון הונגער אין רוסלאנד און הונדערטע טויזענדע האָבען אויסגעוואנדערט נאָך אמעריקא.

---

## לאָיאַליטעט פון רוסישע אידען.

---

דאן איז געקומען די מלחמה. די אידען האָבען דארין געזעהן א געלעגענהייט צו ווייזען דער קריסטליכער בעפעלקערונג, דאָס טראָץ אלע פערפאָלגונגען פון דער פערגאנגענהייט, זיינען זיי בערייט צוא פערגעסען זייער טראגישע היסטאָריע און אָנפאנגען צו לעבען אויף דאָס ניי מיט א פעאייניגטע און רעגענערירטע רוסלאנד. טויזענד אידישע יונגע לייט, וואס זיינען געווען געצוואונגען צו פערלאָזען רוס־לאנד, אום צו קריגען דיא בילדונג, וואס זי־ער אייגענע לאנד האט זיי ענטזאגט, האָבען פרייוויליג זיך אומגעקעהרט און זיך אָנגעשלאסען אָן דער ארמעע, אָבוואָהל זיי האָבען געוואוסט דאָס די האָפנונג פון פאָרצוג אדער צו דערדיענען זיך צו העכערע עמטער איז פאר זיי געשלאסען. אויפ׳ן שלאכטפעלד האָבען די אידישע סאָלדאטען ארויסגעוויזען קוראזש און אינטעליגענץ, וואָס האָבען געוואונען דעם רעספעקט פון זייערע קאמפפס־קאמעראדען און געוואונען פאר הונדערטע פון זיי דעם געאָרגיעווסקי קרייץ, וואָס ווערט געגעבען פאר בעזאנדערען העלדענ־מוטה געגען שונא; וועהרענד דיאיעניגע וואָס זיינען געבליבען אין דער

הײם, האָבען געעפענט און אויסגעשטאַטעט האָספּיטעלער פאַר פער־וואונדעטע סאָלדאַטען. אָהן אונטערשייד פון ראַסע אָדער גלויבען: בייגעשטייערט גרויסמוטיג צו אַלע עפענטליכע פאָנדס. אין קורצען, אויפגעאָפּפערט זיך אַליין און זייערע פערמעגענס פיר דער רוסישער זאַך.

אנפאַנגס האָט שוין אויסגעוויזען, דאָס די לאַנג־געווינשטע פער־אייניגונג מיט דעם רוסישען פאָלק האָלט שוין ביים פערווירקליכט ווערען. באַלד אָבער האָט זיך ארויסגעוויזען, דאָס די קייטען, וואָס האָבען געשמידעט די אידען אין רוסלאַנד אין דער פערגאַנגענהייט, קענען ניט צושמעטערט ווערען. קרעפטען, איבער וועלכע זיי האָבען ניט געהאַט קיין שליטה, האָבען פאַר זיי בעשטימט די גרעסטע טראַגעדיע אין דער היסטאָריע. די „טשערטאַ”, וואו זיי האָבען געוואוינט, איז פּויליש אין איהר אָריגינאַליטעט און איהר בעפעלקערונג. די פּאָליאַקען און די אידען זיינען געוועזן ליידענס־גענאָסען פון דעם רו־סישען אונטערדריקער, אָבער אַנשטאָט צו ווערען ברידער אין אַ צרה, זיינען זיי געשיידעט דורך זייערע רעליגיעזע און ראַסען פערשיידענ־הייטען, און איבער אַלעם, דורך די מחלוקות, וואָס די רוסען האָבען צווישען זיי צושפּרייט, ביז עס האָט זיך ענטוויקעלט אין אַן אונ־קאָנטראָלירבאַרען האַס.

---

## רוסישע רציחות

באַלד פאַר דעם מלחמה־אויסברוך האָט דער קאַמף אָנגענומען זיין ביטערסטען פאָרם — די פּאָליאַקען האָבען געמאַכט אַ שרעקליכען באָיקאָט געגען די אידען. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָט דער שטאַנד פון די פּאָליאַקען איבער נאַכט געענדערט זיך. ביידע, אי די רוסישע, אי די דייטשע אַרמעען, האָבען געזוכט צו געפינען חן ביי דער פּוילישער בעפעלקערונג. און פיעלע פּאָליאַקען האָבען אָנ־געכאַפּט די געלעגענהייט צו בעפרידיגען זייער פּערזענליכען האַס, זיי־ער פאַנאַטיזם און שאָוויניסטישען משוגעת דורך מסר'ן אידען, צו דעם

און צו יענעם אריינדרינגער, אלס שפּיאָנען און פעררעטהער. **אין דיטשלאנד** איז דער האס פון דיעזע אטאקען אין א געוויסער מאָאָס אפּגעדעקט געווארען און די ליגענס זיינען צוריקגעשטויסען געווארען. אבער אין רוסלאנד האבען זיי געפונען א פרוכטבארען באדען. די רוסישע מיליטערישע מאשין האָט געכאפּט שרעקליכע מפלות פון די דייטשען, און אום ריינצוואשען זיך אין די אויגען פון זייער פאָלק, האָבען די רוסישע מיליטערישע קליקען מיט חשק אנגעכאפּט דיעזע געלעגענהייט ארויפצואווארפען די שולד פון זייערע מפלות אויף דעם הילפלאָזען איד. זיי האבען היגעריכטעט מענער, פרויען, אפילו קינדער, אָהן אפילו א שאָטען פון בעוויז, אָהן שום פאָרמאַליטעט און אָהן משפּט. אומשענדליכע געשיכטען פון אידישען פעררעטה, אויסגעטראכט פון פּאָליאַקען, זיינען אנגענומען געוואָרען אלס אמת און זיינען פערשפּרייט געוואָרען דורך דער פּרעסע און אויף די לאָקאלע רעגירונגס בולעטין־ברעטער; אבער ווען אן אָפיציעלע אונטערזוכונג האָט בעוויזען אז דיעזע געשיכטען זיינען פאלש אין יעדע הינזיכט, האט די צענזורע ענטמוטהיגט דאָס דרוקען פון די אפּלייקונגען. די בעאמטע האָבען געגעבען די סאָלדאטען א פרייע האנד צו רויבען און בעפריעדיגען זייערע תאוות, ערמוטהיגענדיג זיי אפילו דורך פערעפענטליכען אָפיציעלע אוקאזען, וועלכע האבען אָפיציעל פערדאמט די אידען אלס שפּיאָנען און פעררעטהער. דער רעזולטאט איז געווען א סעריע פון רציחות וואָס האט קיין פערגלייך אפילו אין דער געשיכטע פון רוסלאנד. א מיליאָן אידען זיינען פערטריבען געווארען פון זייערע היימען אין א שטאנד פון אבסאָלוטע ארמוטה.

---

## פּראָטעסט פון ליבעראלען רוסלאנד.

אלע ליבעראלע עלעמענטען פון רוסלאנד האָבען פּראָטעסטירט געגען דיעזען קאמפּיין פון אויסראָטונג, אָבער זיי זיינען געוועזען מאכטלאָז געגען דער מיליטערישער רעגירונג. הונדערטע שטאָדטישע קערפּערשאפטען, ארבייטער און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציאָנען, שרייבער, פּובליציסטען און גייסטליכע האָבען געשיקט פּעטיציאָנען צו דער ציווילער רעגירונג, בעטענדיג מען זאָל געבען די אידען מענשליכע

גלייכהייט, אָדער וועניגסטענס כאָטש אויפהערען די פערפאָלגונגס־פּאָליטיק. דיעזע פעטיציאָנען, וויא אויך די רעדען וואָס זיינען געהאלט־ען געוואָרען אין דער דומא, שטעלען צוזאמען א בּינטעל בּעווייזע פון ניט־אידישע קוועלען, וואָס מוזען פערדאמען די רוסישע רעגירונג אין די אויגען פון דער וועלט.

לעזט די ווייטערע קאפּיטלען, אין וועלכע דיעזע בּעווייזע וועלען ציטירט ווערען.

---

## גאליציען.

דורך די צעהן מאָנאט וואָס די רוסען האָבּען פערנומען גאליציען, האָבּען די אידען אין דיעזען לאַנד געליטען נאָך פיעל ערגער ווי די אידען וואָס האָבּען געוואוינט אין דער רוסישער „טשערטא", ווייל דאָ זיינען דאָך די אידען געוואָרען אונטערטהאנען פון דעם שונא און מען האָט גאָר קיין אויסרייד בּעדארפט פאר זייער פּייניגונג. די רוטהענער און פּאָליאקען אין גאליציען זיינען געווען פריינדליך צו רוסלאנד, ווייל זיא האט זיי פערשפּראָכען אונאבּהענגיקייט און מאכט. אָבּער פון די אידען אין גאליציען האָט רוסלאנד גאָרנישט געקענט ערוואַרטען, ווייל זיי האבּען דאָך שוין געהאט רעכטע און פרייהייטען וואָס אידען אין רוסלאנד האָבּען נישט. דיא געוויכט פון דער רוסישער אריינדרינגונג איז אויף זיי דערפאר געפאלען אונערבּארעמדיג. דאָ האָבּען טויזענדע אידישע רוסישע סאָלדאטען געמוזט אויפּאָפּפערען זייערע לעבּענס, אום צו בּרענגען אויף די פרייע אידען פון גאליציען דיעזעלבּע שקלאפען קייטען פון וועלכע זיי אליין זוכען בּעפרייט צו ווערען אין רוסלאנד. זיי האָבּען זיך געמוזט צוקוקען ווי זייערע רוסישע קריעגס־קאַמעראַדען לעסטערען שוהלען, שענדען אידישע פרויען און שלאכטען אויס אונ־שולדיגע און הילפלאָזע מענשען פון זייער אייגענעם גלויבּען.

---

## רומעניען.

אבוואָהל רומענין איז נאָך נישט קיין מלחמה־לאַנד, זיינען דאָך פיעלע אידען אין דיעזען לאַנד שוין שטארק בּעריהרט געוואָרען דורך

דער מלחמה. אין מאָנאט יולי 1915 האָט דאָס אינערן מיניסטעריום ארויסגעגעבען א בעפעהל ארויסצוטרייבען די אידען פון די שטעדט־לאך נעבען דער עסטרייך־אונגארישער גרענעץ טיעפער אין רומעניען. אבוואָהל שפּעטער איז בעהויפּטעט געוואָרען, דאָס דיעזער בעפעהל איז געווען געציעלט צו שטערען די אידישע תבואה שפּעקולאנטען פון בוקאָווינא, זיינען דאך פיעלע אידען וואָס האָבען געוואוינט אין די גרענעץ שטעדטלאך זייט דורות, פון דאָרט פערטריעבען געווארען.

דיעזע האנדלונג פון דער רעגירונג איז ביטערליך קריטיקירט געווארען פון דער ליבעראלער פּרעסע און אין א פּעטיציאָן וואָס דער פערבאנד פון רומעניש־געבאָרענע אידען האָט דערלאנגט צום קעניג, און צולעצט איז דער בעפעהל צוריקגערופען געווארען.

גאנץ גלייך אויב רומעניען וועט יא אריינטרעטען אין דער מלחמה אָדער ניט, איז קיין צווייפעל דאָס צום שלום פון דער מלחמה מוז די פראגע וועגען רומעניען׳ס בעהאנדלונג פון די אידען ערעפענט ווערען.

---

## פאלעסטינא.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה זיינען אין פאלעסטינא געווען, לויט פערלעסליכע שאצונגען, ארום 100טויזענד אידען, פון וועלכע מאנכע זיינען געווען עקאָנאָמיש־אונאבהעינגיגע ארגיקולטוריסטען, אָבער די גרוסע מאיאָריטעט זיינען געווען אלטע איינוואנדערער וואָס זיינען אבהענגיג אָן שטיצע פון קרובים און פון דעם גוטען ווילען פון זייערע פרומע גלויבענס־גענאסען אין איירָאפּא.

די מלחמה האָט זיי אפּגעהאקט אי פון די איירָאפּעאישע מארק־קעטס, אי פון זייערע קרובים און פריינד; כמעט די גאנצע אידישע בעפעלקערונג איז אויף אזא אופן געבליבען אין גרעסטען עלענד און ארמוטה. זייער לאגע איז נאך פערערגערט געוואָרען דורך דער גרויזאמקייט מיט וועלכע טערקיי האָט ביי איהר אריינטריט אין דער מלחמה, אלס פערבינדעטע מיט די צענטראלע מעכטע, בעהאנדעלט די אונטערטהאנען פון דיא פיינדליכע לענדער. ארום 8 טויזענד אידען וואָס האָבען נישט געוואָלט ווערען טערקישע אונטערטהאנען, זיינען ארויסגעטריבען געווארען, אדער זיינען אליין אנטלאָפען.

---

## אידען אין אנדערע מלחמה לענדער.

אין די אלע לענדער, וואו אידען האבען ביז יעצט געהאט פרייהייט, איז נישטא קיין בעזאנדערער אידישער פראבלעם אין דיעזע מלחמה. די אידען האבען זיך גענצליך צוזאמענגעשלאסען מיט די לענדער פון זייער געבורט אדער אדאפטירונג, און זיי טהיילען די פריידען און ליידען מיט די פעלקער צווישען וועלכע זייער שיקזאל איז פערזיגעלט.

אין ענגלאנד האט די אידישע בעפעלקערונג, לויט די שאצונג פון לארד ראטהשילד, צוגעשטעלט מעהר ווי איהר חלק רעקרוטען צו דער ענגלישער ארמעע, נעמליך 17 טויזענד סאלדאטען, אדער ארום אכט און א האלב פראצענט פון דער גאנצער אידישער בעפעלקערונג, געגען זעכס פראצענט פון דער ניט־אידישער. דער לארד טשיעף דזשאסטים, דער איד באראן רעדינג (סער רופוס אייזעקס) האט מאביליזירט די פינאנציעלע קוועלען פון דעם לאנד און איז גערופען געווארען צו שטעהן אן דער שפיצע פון דער ענגליש־פראנצויזישער קאמיסיאן וואס האט נעקראגען די אנלייהע פון 500 מיליאן דאלאר אין די יונייטעד סטייטס. לארד ראטהשילד איז טרעזשורער פון דעם רויטען קרייץ. הערבערט סעמיועלס איז א מיטגליעד פון דעם קאאליציאנס קאבינעט. א אידיש־ער באטאליאן איז ארגאניזירט געווארען פון די פאלעסטינער פפליכט־לינגע און האט געלייסטעט אויסער־געוועהנליכע דיענסטע צו די עליים אויף דער האלב־אינזעל גאליפאלי. פיעלע בעלוינונגען. צווישען זיי וויקטאריא קרייצען און העכערע עמטער, ווערען פובליצירט אין דער ענגליש־אידישער פרעסע יעדע וואך.

אין דייטשלאנד האבען די אידען, אבוואהל זיי האבען נישט קיין פולע סאציאלע פריווילעגיען, געטראגען זייער פולען חלק פון דער מלחמה. הערר באלין, דער הויפט פון דער האנדעלס פלאטע, האט נעקראגען די אויפגאבע צו ארגאניזירען דעם נאציאנאלען שפייז־סופלאי, און אנדערע אידען פערנעהמען אנגעזעהענע שטעלען אין יעדען דעפארטמענט פון דער אינדוסטריעלער מאביליזאציאן אין דעם לאנד.

אין פראנקרייך, איטאליען, עסטרייך־אונגארן און טערקיי, געפינען זיך אידען אין די מיניסטעריומס, אלס קאמאנדירען פון ארמעען אויפ'ן פעלד און אלס אויפזעהער פון מעדיצינישע דיענסט אין די ארמעען.

אזוי האט די יעצטיגע מלחמה ווידער בעוויזען די גרויסע

וואַרהייט, דאס אין מלחמה פּונקט ווי אין פריעדען, זיינען די אידען א טהייערעס פערמעגען פאר די יעניגע נאציאָנען וואָס אנערקענען זיי אלס אונשיידבארער טהייל פון זייערער בעפעלקערונג און ערלויבען זיי פרייע ענטוויקלונג; אבער וואו אַן אויטאָקראַטישע רעגירונג דע־מאָראַליזירט איהר פאָלק, פאַרשטעלענדיג זיי מיט דעם בילד פון אַן אונבעשיצטע מינאָריטעט בערויבט פון אַלע מענשליכע רעכט, פיהלט די רעגירונג אַליין די רעאַקציאָן און דער מאָראַלישער טאָן פון דער נאציאָן ווערט דאדורך פערדאָרבען.

## בעמערקונג וועגען די קוועלען פון אינפארמאציאן.

פיר די צוועקען פון דיעזען בעריכט איז בעטראכטעט געווארען פאר ראהטזאם אויסצוקלייבען פון דער מאסע מאטעריאל, וואס קען בענוצט ווערען אויפצוקלעהרען דיא יעצטיגע לאגע פון דיא אידען אין רוסלאנד, בלויז בעווייזע וואס זיינען בעגרינדעט אויף:

1 .— אפיציעלע און האלב־אפיציעלע רעפארטען פון דער רוסישער רעגירונג, וואס זיינען געווען פערעפענטליכט אין איהר אפיציעלען ארגאן „פראוויטעלסטוועני וויעסטניק"; אין איהר האלב־אפיציעלען ארגאן „נאוואיע וורעמיא", אדער אין איהרע מיליטערישע ארגאנען.

2 — דעבאטען און פערהאנדלונגען אין דער גאסודארסטווענא־יא דומא און אין דעם גאסודארסטוועני סאוויעט, הויפטזעכליך בעווייזע וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען פון ניט־אידישע דעפוטאטען, אדער אזעלכע בעווייזע פון אידישע דעפוטאטען, וואס זיינען ענטוועדער גאר נישט בעשטריטען געווארען, אדער בעשטריטען געווארען אהן ערפאלג, פון דיא „רעכטע דעפוטאטען".

3 — סטייטמענטס אין דער ליבעראלער רוסישער פרעסע און אין דער אידישער פרעסע אין רוסלאנד, וואס אלע זיינען זעהר שטרענג צענזורירט געווארען.

4 — פראטעסטען און רעזאלוציאנען פון ניט־אידישע ארגאני־זאציאנען, פארטייען און פיהרער, געגען דער אנטיסעמיטישער פאליטיק פון דער רעגירונג. דיעזע פראטעסטען זיינען געמאכט געווארען עפענט־ליך און זיינען דורכגעגאנגען אונבעקעמפפט פון דער רוסישער רעגירונג.

אין קורצען הייסט עס, אז דיעזער בעריכט איז בעגרינדעט אויס־שליעסליך אויף בעווייזע וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען פון דער רוסישער רעגירונג אליין, אפיציעל אין איהר אייגענע פרעסע, אדער אונטערשטיצט דורך דער רעוויזיאן פון איהרע מיליטערישע און ציוויל־נע צענזורען, וואס ווערען מיט בעזאנדערע שטרענגקייט אנגעווענדעט געגען דער אפאזיציאנס־פרעססע, אדער אין עפענטליכע רעדען און ערקלערונגען, וואס זיינען דורכגעגאנגען אין דיא רוסישע געזעצמאכונגס קאמערן אונבעשטריטען פוהן די רעגירונגס־דעפוטאטען.

# רוסלאנד.

## איינלייטונג.

רוסלאנד האט זיך פערשאפען די גרעסטע מאסע פון איהר אידישע בעפעלקערונג דורך די צוטהיילונגען פון פוילען פון 1773 ביז 1795. שטארק מיטעלאלטערליך אין אויסקוק און ארגאניזאציאן, ווי רוסלאנד איז געווען ביי יענער צייט, האט זי בעהאנדעלט די אידען מיט דער אויסערגעוועהנליכער גרויזאמקייט, וואס די מיטעלאלטערליכע פרינ־ציפען און פאליטיקס האבען עס בעשטעטיגט און געפאדערט. פער־שפארענדיג זיי אין די פראווינצען וואו זיי האבען גראדע געוואוינט אין דער צייט פון פערטהיילונגען פון פוילען, האט זי געגרינדעט א גהעטא וואס איז גרעסער ווי אירגענד וועלכע וואס האט ווען עקזיס־טירט אין מיטעלאלטער; און דורך ארויפלעגען בעשריינקונגען אויף דאס רעכט צו וואוינען און רייזען אפילו אין דיעזע גהעטא גופא, האט זי ווירקליך פערוואנדעלט די גהעטא אין א מין שטראף־קאלאניע, וואו זעכס מיליאן מענשען וואס זיינען שולדיג אין האלטען דעם אידישען גלויבען, זאלען זיין געצוואונגען אויסצולעבען זייערע יאהרען אין שמוץ און אין צרות, אין בעשטענדיגען טויט שרעק פון פאגראמען, אונטער־ווארפען די קאפריזען פון פאליציי בעאמטע און פון א קארופטער אדמיניסטראציאן — אין קורצען, אהן שום געזעצליכע רעכט און סאציאלען שטאנד.

בלויז צוויי מאהל אין פערלויף פון לעצטען יארהונדערט זיינען געמאכט געווארען פערזוכע אויסצובעסערען די לאגע פון די אידען אין רוסלאנד, און יעדע בעסערע שטיקעל צייט איז נאכגעפאלגט געווארען פון א פעריאדע פון נאך גרויזאמערע אונטערדריקונג. דאס ערשטע

מאָל איז געווען דורך דער רעגירונג פון אלעקסאנדער דעם צווייטען, אָבער זיין ערמאָרדונג אין 1881 האָט געבראכט די פאָלקאָמענע איבער־הערשאפט פון די רעאקציאָנערע עלעמענטען, וועלכע האבען גלייך בענייעט די פערפאָלגונגס פאָליטיק. דיא „מאַי געזעצע" פון איגנאטי־עוו'ן (1882) וואָס האלטען אין נעץ די אידען ביז צו היינטיגען טאָג, זיינען געווען דער באלדיגער פּראָדוקט פון דיעזען רעזשים. דיא צווייטע פעריאָדע, בעגלייטענדיג די אונצייטיגע רעוואָלוציאָן פון 5—1904, איז נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון א „פּאָגראָם פּאָליטיק" פון אונגעהערטע גרויזאמקייט, וואָס האָט אָנגעהאלטען ביז דעם אויסברוך פון דער יעצטיגער מלחמה.

---

## דיא „טשערטא".

ביים אָנפאנג פון דער מלחמה איז דיא צאָהל פון אידען אין דער רוסישער אימפּעריע געשאצט געווארען אויף זעכס מיליאָן אָדער מעהר, ארומנעהמענדיג א גענויע העלפט פון דער גאנצער אידישער בעפעלקע־רונג פון דער וועלט.

פינף און ניינציג פּראָצענט פון דיעזע מענשען ווערען פערשפּארט דורך געזעץ אין א בעשרענקטען שטח פון רוסלאנד, וואס איז בעוואוסט אלס תחום המושב („טשערטא אָסיעדלאָסטי" אין רוסיש) בעשטעהענד פון פופצעהן גובערניעס אין מערב און דרום־מערב פון רוסלאנד און די צעהן גובערניעס פון פוילען, וואָס פיעל פון דיעזען טעריטאָריום איז יעצט פערנומען פון די דייטשען. אָבער דאָס איז נאָך אויך נישט אלעס, די וואוינרעכט אין דער טשערטא גופא זיינען נאָך אויך בעש־רענקט אויף אזוי ווייט, אז די אידען איז ערלויבט צו וואוינען בלויז אין איין צוויי־טויזענד חלק (1—2,000) פון דער רוסישער אימפּעריע.*) קיין אידען איז ערלויבט ארויסצוטרעטען פון דיעזע טשערטא, סיידען ער בעלאנגט צו די וועניגע פון דער פריווילעגירטער קלאסע. מאנכע האלב־פּריווילעגירטע אידען קענען מיט גרויסע אנשטרענגונגען קריגען

---

*) זעה „ליגעל סאפערינגס אף דהי ראָשיען דזשום", רעדאקטירט פון לוסיען וואולף. לאָנדאָן, ט. פישער אנווין, 1912

בעזאָנדערע פּאַספּאָרטען פיר א בעשרענקטע צייט אויף וואוינען ארויס פון דער טשערטא. די גרויסע מאַיאָריטעט קען אָבער נישט קריגען דיעזעס פּריווילעגיום פאר קיין שום צייט. א גוואלדיגע מאסע פון בעזאָנדערע אויסנאהמס געזעצע האָט פערוואנדעלט די טשערטא אין א מין טיורמע מיט זעכס מיליאָן ארעסטאנטען, וואָס ווערען בעוואכט פון אן ארמעע קאָרופּטע און ברוטאלע וועכטער.

## די לעצטע „אָפּשאפונג פון דער טשערטא.

אין אויגוסט 1915 האָט דער מיניסטאָרען־ראטה ארויס־געגעבען אַן אוקאז, ערלויבענדיג די אידען פון דעם מלחמה בעטראָפענ־נעם שטח אריינצופאָהרען טיעפער אין רוסלאנד. דיעזער אוקאז איז אין מאנכע קרייזען בעטראכטעט געווארען אלס א ווירקליכע אָפּשאפונג פון דער טשערטא. די אויסטייטשונג איז נאָך מעהר פערשטאַרקערט געווארען דורך דעם וואָס די רוסישע רעגירונג האָט אזוי ברייט און ווייט פערשפּרייט דיעזען אוקאַז. די בעווייזע אָבער, אָפּיציעלע ווי אנדערע, צייגען גאנץ קלאָהר, דאָס דיעזער אוקאַז איז ווייט פון א גרויסמוטהיגע טהאט פון א ליבעראלע רעגירונג צו אַן אונטערדריקטען פאָלק. אין דער ווירקליכקייט איז עס בלויז א צייטווייליגער מיטעל, דיקטירט הויפּטזעכליך דורך מיליטערישע נויטהווענדיגקייט און טהיילווייז אויך דורך דער נויטוועגדיגקייט פון אַן אויסלענדישע אנלייהע. עס איז קלאָהר אז דיעזע שטיקעל הנחה איז געגעבען געווארען אונווילענדיג, מיט ביטערע בעשרענקונגען וואָס האָבען נאָך מעהר בעאיינדרוקט דעם שקלאפערישען שטאנד פון די אידען, און דאָס אין פּראקטיק ווערט דיעזער אוקאַז איגנאָרירט אדער אויסגעמיעדען לויט דער בעקוועמליכקייט פון די לאָקאלע בעאמטע, און ער ווערט אויסגע־נוצט — און איז אפשר ארויסגעגעבען געווארען מיט א כונה — אום צו מאכען א פאלשען איינדרוק אויף דער עפענטליכער מיינונג פון דער וועלט.

בעווייזע צו אונטערשטיצען דיעזע אנשויאונג וועלען יעצט בעטראכטעט ווערען :

1. — עס איז א צייטווייליגער מיטעל דיקטירט דורך מיליט־טערישע נויטהווענדיגקייט. עס נעהמט נישט אראָפּ קיינע פון די

אויסנאהמס־געזעצע צו וועלכע די אידען אין רוסלאנד זיינען געזעצליך אונטערוואַרפען.

דיעזעס ווערט צוגעגעבען אָפיציעל אין דעם פּראָטאָקאָל פון דעם מיניסטאָרען ראטה פון אויגוסט 4 (17) 1915, ביי וועלכע זיצונג דער אוקאז איז אָנגענומען געוואָרען. דיעזער פּראָטאָקאָל לעזט זיך ווי פאָלג:

„עס איז לעצטענס בעמערקט געוואָרען, אין פערבינדונג מיט דעם מיליטערישען צושטאנד, דאָס אידען עמיגרירען מאַסענווייז פון דער מלחמה טהעאטער און פערזאמלען זיך אין געוויסע אינערליכע גובער־ניעס פון דער אימפּעריע. דיעזעס ווערט ערקלערט, פון איין זייט, דורך דער בעמיהונג פון דער אידישער בעפעלקערונג צו פערלאָזען בעצייטענס די געגענדען וואָס ווערען געסטראַשעט פון דעם שונא, און פון דער אנדערער זיט, דורך דעם אוקאז וואָס אונזערע מיליטערישע בע־אמטע האָבען ארויסגעגעבען, אויסצולייזיגען געוויסע געגענדען אין דער ליניע פון דעם שונא׳ס פאָרווערטס־מארש. די ווייטערע קאָנצערטרירונג פון דיעזע פליכטלינגע, וואָס זייער צאָהל ווערט אימער גרעסער, אין דעם בעשרענקטען שטח וואָס איז פאַר זיי אָפען, פעראור־זאכט אונרוהיגקייט צווישען דער לאָקאלער איינגעבאָריענער בעפעלקע־רונג און קען פיהרען צו גוואלדיגע פאָלגען אין פאָרם פון האָלסייל אונרוהען. די איבער־גרויסע אָנזאמלונג פון אידישע פליכטלינגע איז אויך א גרויסע שטערונג פאַר דער רעגירונג אין איהר אנשטרענגונג צו בעזארגען זיי מיט שפּייז, ארבייט און מעדיצינישע אויפפּאסונג. אונטער דיעזע אומשטענדען, בעטראכטענדיג עס פאַר דרינגענד נויטיג צו נעהמען באלדיגע שריטע צו פערמיידען אונגעווינשטע מעגליכ־קייטען, האָט דער עקטינג מיניסטער פון אינערן געמאכט א פאָרשלאָג אין בעצוג צו דיעזע זאך פאַר דעם מיניסטאָרען ראטה.

„אויפנעמענדיג דיעזען באלדיגען געגענשטאנד פיר בעטראכטונג און אָהנע צו בעריהרען די פראגע פון דער אלגעמיינער רעוויזיאָן פון דיא געזעצע וואָס זיינען יעצט אין קראפט וועגען אידען. האָט דער מיניסטאָרען ראטה געפונען, דאס דער ראטהזאמסטער אויסוועג פון דעם געשאפענעם צושטאנד וואָלט זיין צו געבען די אידען וואוינ־רעכט אין שטעדט און שטעטליך ארויס פון דער טשערטא. דיזע פּריוויל־

עגיום, געגרינדעט צוליעב דעם נויטהפאל פון מיליטערישען צושטאנד, טאָהר אָבער נישט בעריהרען די הויפט שטערט (פעטראָג־ראד און מאָסקווא) און דיא געגענדען אונטער דער פערוואלטונג פון די מיניסטעריומס פון דעם צאר׳ס הויף פון דעם קריעגס מיניסטעריום".

די גוואלדיגע פאקטען הינטער דיעזען טרוקענעם אָפיציעלען סטייטמענט זיינען שוין געווען בעוואוסט צו אלעמען אין רוסלאנד. הונדערטע טויזענדע אידען זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון זייערע היימס איבער נאכט, דורך דער האנדלונג פון די מיליט־ערישע בעאמטע. ביי א פאַריגע זיצונג פון דעם מיניסטאַרען־ראטה האָט פרינץ שטשערבאַטאָוו, וועלכער איז אליין א קאָנסערוואַטיוו, פאָרגעשטעלט די שרעקליכע לאגע פון דיעזע פליכטלינגע. ער האט אָנגעוויזען דאָס זיי ווערען איבערגעוואלד געטריעבען אין פערבאָט־ענעם טעריטאָריום אריין, און אז עס איז שווער זיי אנצווייזען וואוהין צו לופען, וויל יעדער לויפט נאטירליך אהין, וואו ער האט פריינד אדער פערוואנדטע און האָפט צו געפינען מיטלען א לעבען צו מאכען, און דאָס צוליעב דער וואוינרעכט־בעשרענקונג געפינען זיי זיך יעצט געזעצלאָז געגען זייער ווילען, און פעטיציאָנען און טעלעגראמען שיטען זיך אין ריעזיגע מאסען, בעטענדיג אָפיציעלע ערלויבנים צו וואוינען געזעצליך אין זייערע נייע היימס. דיעזע לייטע, האָט ער אָנגעוויזען, קענען נישט ארויסגעטריבען ווערען פון די פלעצער ארויס פון דער טשערטא, ווייל זיי האָבען נישט די מעגליכקייט זיך אומצו־קעהרען צו זייערע אלטע היימס.*)

דער דומא דעפוטאט סקאָבעלאָוו האָט געזאָגט: „די פראגע פון דער טשערטא איז ארויפגעבראכט געווארען ביים מיניסטאָרען ראטה נאָר דאן, ווען די כוואליע פון אידישע פליכטלינגע האָט שוין צושמעטערט דיעזע מיטעלאלטערליכע וואנד".**)

נאָך א דעפוטאט, דער אָקטיאבעריסט ראָסטאָווצעוו, האָט אין דער דומא בעמערקט: „וועגען וועלכע טשערטא רעדט איהר דא? עס איז נישטאָ קיין טשערטא; קאַיזער ווילהעלם האָט זיא אָפגעשאפט!"

---

*) פעטראָגראדער „רעטש", אויגוסט 8 (21) 1915.
**)פעטראגראדער „רעטש", אויגוסט 14 (27) 1915.

אויב עס איז נויטיג נאָך ווייטערע בעווייזע צו איבערצייגען דאָס דער אבשאפונגס אוקאז איז נישט געווען א פריוויליגע טהאט פון בעפרייאונג, נאָר א זאך וואָס די רעגירונג איז געווען געצוואונגען צו טהאָן צוליעב צושטענדע איבער וועלכע זי האָט נישט געהאט קיין קאָנטראָלע גיט עס דער לייט־ארטיקעל אין האלב־אָפיציעלען רעגירונגס ארגאן „נאָוואָיע ווערעמיא“ פון 9 טען אויגוסט 1915.

אין דעם לייט ארטיקעל ווערט גאנץ אָפען ערקלערט דאָס די אויפנאהמע פון דעם אוקאז אין דער אלגעמיינער פרעססע אלס „די ערשטע שטראלען פון א נייעם טאָג“ איז גענצליך אָהן רעכטפערטיגונג; דאָס די פראגע פון אראָפּנעהמען אלע אידישע אויסנאהם־געזעצע איז קיינמאָהל נישט דיסקוטירט געווארען ; עס איז סאי־ווי־סאי נישט וויכטיג ; עס איז אפילו נישט אויסגעארבייט געוואָרען אויף דערלאנגען צו דער דומא. *)

געוויסע קאָנדיציאָנען געשאפען פון א צושטאנד וואָס האט שוין עקזיסטירט, האט געמאכט נויטהיג צו מאָדיפיצירען מאנ־כע פון די רעגולאציאָנען בנוגע דער טשערטא. דאָס איז אלעס. קיין בעשטענדיגע געזעצע וועלען נישט אָנגענומען ווערען.

2 — דער אוקאז איז ארויסגעגעבען געווארען מיט דער האָפנונג צו קריגען אן אויסלענדישע אנלייהע. גראף א. באָברינסקי, א קאָנסערוואטיווער מיטגליעד פון דעם גאָסודארסטוועני סאָוועט, האָט אין א סטייטמענט צום רעדאקטאָר פון „דיען“ ערקלערט: *)

„די קאָנסערוואטיווע מיטגליעדער פון דעם גאָסודארסטוועני סאָוועט האָבען נישט אויפגעהויבען קיין שום געגנערשאפט געגען דעם לעצטען אוקאז פון דער רעגירונג, ערלויבענדיג אידען צו וואוינען ארויס

---

*) לויט דער זאגענאנטער רוסישער „קאָנסטיטוציע“ קען דער מיניס־טארען ראטה ארויסגעבען אוקאזען אין דער צייט ווען די דומא איז געשלאָסען, אָבער אין צייט פון זעקס מאָנאט מוזען אריינגעבראכט ווערען דיעזע אוקאזען אין דער דומא, אום גוט־געהייסען צו ווערען אלס געזעצע.

*) איבערזעצט אוים פראנצויזיש אין „רעפאָרם אדוואקייט“, נאוו. 13. 1915.

פון דער טשערטא. איך גלויב דאס מיר וועלען דארפען געוואהנט ווערען צום געדאנק צו זעהן אידען וואוינען אין אלע טיילען פון רוס־לאנד נאך דער מלחמה. עס קען שוין נישט זיין קיין צוריקקעהרונג צו די אלטע קאנדיציאנען.

„די נויטווענדינקייטען פון דער מלחמה מוזען אונז אויך פיהרען גוטצוהייסען וויטע הנחות צו די אידען, ווען נאר דיא רעגירונג וועט אנערקענען די נויטהווענדיגקייטען דערפון, אום צו קענען קריגען אן אנלייהע אין אמעריקא“.

די שטעלונג פון דעם „קאלאקאל“, דער ארגאן פן ודעם „הייליגען סינאד“, שפיעגעלט עס אפ מיט פאלקאמענע אפענהערציגקייט:

„די מאכט איז ביסלעכווייז איבערגעגאנגען פון די געפאנצערטע ריצער, פון די העלדען פון שלאכטפעלד, צום פינאנץ־הויז, ווייל אין גאלד איז יעצט דא מעהר מאכט ווי אין אונערשראקענע ארגאנאטען (אונטערנעהמונגס־העלדען). אויב דייטשלאנד איבערשטייגט אונז אין בעוואפנונג און איז געווען בעסער פארבערייטעט אין יעדען אנדערען וועג, איז עס דערפאר ווייל איהר נאציאן איז עלטער ווי אונזערע, עלטער אין איהר קולטור מיט עטליכע הונדערט יאהר. דארין ליעגט אונזער שוואכקייט. אבער די אידען זיינען דאס עלטעסטע פאלק אויף דער ערד. זייער קולט איז א קולט פון גאלד און מארך. עס מאכט נישט אויס וואס זיי האבען פערגעסען זייער גלאררייכע עפאכע פון מיליטערישען העלדענטום, האבען פערגעסען ווי אזוי זיי האבען פער־טהיידיגט זייער ירושלים. עס מאכט נישט אויס וואס זיי זיינען נישט מעהר געוואהנט צו טראגען וואפען און צו ענטשיידען מיט'ן שווערד זייערע מחלוקת און שטרייטען. דיעזעס פאלק האט זיך אויסגעלערנט צוצוציהען צו זיך דאס גאלד פון דער וועלט. עס איז ווי א ספאנדזש (שוואם; גובקא אין רוסיש)... עס האט זיך אויסגעלערנט פארזיכטיג־קייט און פאראויסזעהונג, און איז ארגאניזירט אין א מעכטיגע אינטער־נאציאנאלע קראפט. אונטער די צושטענדע פון דער יעצטיגער מלחמה זיינען די אידען א מאכט, מיט וועלכע נישט צו רעכענען זיך וואלט געווען פאליטיש בלינד. וואלט עס ניט געווען פארציגליך פאר רוסלאנד ארייננצואווארפען אין איהר וואגשאל דיעזע גאלד־ניסלאך, דיעזע

ביליאָנען פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַנקיערען?... *)

די נאַאיוויטעט פון דיעזען סטייטמענט ווערט אויסגעלאַכט פון דער ליבעראַלער פּרעסע, מיט פּעטראָגראַדער „רעטש" אָן דער שפּיצע. די „רעטש" בעמערקט: „עס איז שווער פאר די נעכטיגע אַנטיסעמיטען צו גיעסען נייעם וויין אין אַלטע פלעשער". די שרעק-בילדער (טשוט-שעלאַ) פון „אידישע פריימויערער", די „אַלוועלטליכע קהלה" און נאָך אַזעלכע מיטלען, האַלטען נאָך אין טויטשרעק די רעדאַקטערע פון „קאָלאָקאָל", אָבער אַנשטאָט צו שרייען: „די אידען זיינען שטאַרק; צושמעטערט זיי!" שרייען זיי יעצט: „די אידען זיינען שטאַרק; גיט זיך אונטער צו זי!" עס פאַלט זיי גאָר ניט איין צו דענקען, דיזע נייע בעקעהרטע, דאָס די אידען פראַגע איז בלויז א פראַגע פון עלעמענטאַרישע בירגערליכע אַנשטענדיגקייט. **)

די וויכטיגקייט פון דיעזע ציטאַטען וועט בעגריפען ווערען, ווען מיר וועלען עראינערען, דאַס די ליבעראַלע פּרעסע שפּיגעלט אָפּ די אידעאַלען פון די רוסישע מאַסען, פּונקט ווי דער „קאָלאָקאָל" שפּיגעלט אָפּ די האָפנונגען און שרעקען פון דער רוסישער רעגירונג.

---

3. — דער אוקאַז איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אונווילענדיג, מיט פערביטערטע בעשרענקונגען, וואָס בעאיינדרוקען נאָך מעהר די ערניעדערטע פּאָזיציאָן פון דיא אידען.

די אידען זיינען אפילו אונטער די פּראָוויזיאָנען פון דעם נייעם אוקאַז נאָך אַלץ אויסגעשטויסען פון אַלע דערפער, פון די צוויי הויפּט-שטעדט פּעטראָגראַד און מאָסקווא, פון געגענדען וואו עס געפינען זיך צאַרסקע רעזידענצען און פון די אַבלאַסטען דאָן און טורקעסטאַן, וואָס זיינען אונטער דער פערוואַלטונג פון דעם קריעגס מיניסטעריום. דיעזע בעשרענקונגען זיינען פון אַלע ליבעראַלע עלעמענטען פון דער אימפּעריע פערדאַמט געוואָרען אַלס אונזיניג. די „רוסקאַיע סלאָוואָ" פון 13טען אויגוסט 1915 ערקלעהרט:

„פון היינט אָן מעג א איד וואוינען אין קאַלוגא, אָבער ניט אין

---

*) „רעטש", אויג. 9. (22), 1915.

**) דיזעלבע קוועלע.

טאַשקענט; אין יעקאטערינאָדאר טאָהר ער נישט וואוינען, אין ניזשני מעג ער יא. עס איז זעהר שווער צו געפינען עפּעס א זינען אין אזעלכע אויסנאהמען אפילו פון דעם שווארץ־מאה׳דיגען שטאנדפּונקט. אויב איהר זאָלט פרעגען מארקאָוו דעם 2טען (דער פיהרער פון דיא שווארצע) אין וועלכע שטעדט מען דארף אריינלאָזען אידען — אויב אין ניזשני אדער טאשקענט, וועט ער קודם כל געוויס ענטפערען אז אין ביידע נישט. ווען מען.זאָל איהם אָבער פעסט שטעלען די „דרינגליכע נויטה־ווענדיגקייט“, וואָלט ער געוויס געבען דעם פאָרצוג צו טאַשקענט, וועל־כע איז שוין סאַי־ווי־סאַי פול מיט פרעמדע נאציאָנאַליטעטען.

„און טאקי צו וועמען, אויסער מארקאָוו דעם צווייטען און זיין מין, וועלען דיעזע אויסנאהמען און בעשרענקונגען געבען עפּעס הילפע אדער טרויסט? צום ביישפּיעל, אז מיר זאלען ערלויבען אידען פריי ארומצופאָהרען איבער דעם לאנד; ווען מיר זאָלען, צום ביישפּיעל, יא ערלויבען א אידישען שניידער, א שמיעד אדער א סוחר, אין דאָרף וואו עס איז יעצט נישטאָ קיין איינציגער איד — ניט אפילו א שטיק־על איד — נון, וואָלט עס דען געווען אזא גרויסער אונגליק?“

---

## 4.— אין פּראקטיק ווערט דער אוקאז אָפּט איגנאָרירט אָדער אויסגעמיעדען דורך די לאָקאלע בעאמטע.

דער גובערנאטאָר פון סמאָלענסק האָט פאָרטגעזעצט די ארויס־טרייבונג פון אידען וואָס זיינען אריין אין זיין גובערניע, ניט קוקענדיג אויף דעם געזעץ אין קיעווער גובערניע האָט מען זאָגאר נישט געוואָלט ערלויבען צו פערעפענטליכען דעם מיניסטאָרישען אוקאז ביז אין מיטען סעפּטעמבער, ארום זעכס וואָכען נאָך זיין אָפיציעלע ארויס־געבונג, און איגנאָרירט איהם די גאנצע צייט. כמעט אין אלע אנדערע גובערניעס פון דער אימפּעריע איז דיא אדמיניסטראציאָן פון דעם אוקאז גענצליך אָבהענגיג אָן דעם קאפּריז פון די לאָקאלע גובערנאטאָר־ען. לעצטע מיטטהיילונגען ברענגען בעריכטע פון אידישע אויסוויי־זונגען פון קאווקאז, טאָמסק, וולאדיוואָסטאָק און פיעל אנדערע שטעדט

און פּראָווינצען אין וועלכע אידען ווערען ערלויבט צו וואוינען, לויט דעם מיניסטאַרישען אוקאַז *).

אין פיעלע פּלעצער האָבען די לאָקאַלע בעאַמטע זאָגאַר גענומען די געלעגענהייט פון דעם נייעם אוקאַז צו רויבען פון די אידען די רעכטע, וואָס זיי האָבען געהאַט אונטער די אַלטע געזעצען. אין סאַ- ראַטאָוו, צום ביישפּיל, האָבען זינט 1893 אַ קליינע צאָהל אידישע קויפלייט, פּראָפעסיאָנעלע און ארבייטער געמעגט וואוינען און אָנהאַל- טען בעשעפטיגונגען, לויט די בעדינגונגען פון אַ ספּעציעלען אוקאַז פון יענעם יאָהר, אַבוואָהל אין אַלגעמיין איז סאַראַטאָוו, זייענדיג ארויס פון דער טשערטאַ, געשלאָסען פאַר אידען. די רעגולאַציאָנען האָבען אָבער געפאָדערט, דאָס די אידען מוזען קריגען בעזונדערע פּאַספּאָרטען פון דער פּאָליציי צו בעשטעטיגען זייער וואוינרעכט אין סאַראַטאָוו און בעזונדערע ערלויבניסען. וואָס די לאָקאַלע לייסענס=באָארד פּלעגען זיי ארויסגעבען אויף דיזע פּאַספּאָרטען, אום זיי זאָלען קענען אָנהאַל- טען זייערע בעשעפטיגונגען.

יעצט אָבער, ווען די טשערטאַ איז שוין „אָפּגעשאַפט", האָבען די פּאָליציי=בעאַמטע אויפגעהערט ארויסצוגעבען זייערע ספּעציעלע פּאַספּאָרטען, ערקלערענדיג, דאָס אַזוי ווי די אידען האָבען שוין דאָס רעכט צו וואוינען איבער דער גאַנצער אימפּעריע, איז שוין ניטאָ קיין נויטווענדיגקייט פיר אַזעלכע פּאַספּאָרטען. די לייסענס=באָארדס פאָ- דערן אָבער דורכאויס נאָר אַזעלכע פּאַספּאָרטען און ענטזאָגען זיך צו געבען אידען לייסענס פאַרטצוזעצען זייערע בעשעפטיגונגען. אַזוי הייסט עס, אַז די אידען פון סאַראַטאָוו האָבען יעצט דאָס געזעצליכע רעכט צו לעבען אין סאַראַטאָוו, אָבער מען פערלייקענט זיי דאָס גע- זעצליכע רעכט צו האָבען פון וואַנען צו לעבען **).

---

5. — די אַרויסגעבונג פון דעם אוקאַז אָפּשאַפענדיג די טשער- טאַ, וואָס זיין כונה איז געווען צו פערפיהרען די עפענטליכע

---

*) „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן", נאָוועמבער 8 (21), 1915.

**) „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן", אָקטאָבער 25 (נאָוו. 7), 1915, און נאָוו. 8 (21), 1915, און אַנדערע נומערן.

מיינונג און דערמיט געווינען די סימפּאַטיע פון דער ציוויליזירט־ער וועלט, האָט נישט פערפיהרט דעם רוסישען פאָלק.

דאָס איז קלאָהר בעוויזען געוואָרען דורך די טיפּישע אויסדריקע פון עדיטאָריעלע מיינונגען, וואָס מיר גיעבען דאָ, און בּיי דיעזען פּונקט איז פיעלייכט ווידער וויכטיג אויפמערקזאם צו מאכען דעם אמעריקאנ־ער לעזער, דאָס אין רוסלאנד מוז די פרעסע וועגען איהרע ווערטער מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, ווייל דער מינדעסטער עדיטאָר־יעלער פאלשער שריט קען פיהרען צו געפעהרליכע פאָלגען.

די „רוסקאָיע סלאָוואָ“ פון 13טען אויגוסט 1915, פערדאמט דעם אוקאַז אלס א האלב־וועג מאסרעגעל, אלס א טוישונג פון איין טשערטא אויף א צווייטע —„אפילו ווער די נייע טשערטא איז שוין גרעסער ווי די אלטע“. זי פאָרדערט דיא פולע אָבשאפונג פון דער טשערטאָ— „דאָס גרעסטע אונגליק פון דעם רוסישען לעבען“.

„צום אונגליק — שרייבט די „רוסקאָיע סלאָוואָ“ — זיינען מיר גענייגט צו ווידערהאָלען צו אָפט אונזערע טעות׳ן. ווען מיר גיעבען זיך שוין אונטער צו די לעבענס פאָרדערונגען, טהוען מיר דאָס ענט־ווערער צו שפּעט, אדער מיט אזא אונבעשלוס און אזוי גייציג, דאָס צום סוף, אנשטאָט ארויסצורופען אמת׳ע צופרידענהייט, רופען זיי ארויס א געפיהל פון מיספערשטענדניס אדער פּראָדוצירען א ווירקונג וואָס איז פּונקט דער היפוך דערפון וואָס איז בעאבזיכטיגט געוואָרען. א טהאט קען זיין ווירקזאם און טהייער און עררייכען די העכסטע ציעלען נאָר דאן, ווען זיא ווערט געטהאָן אין דער ריכטיגער צייט, מיט שמחה, פראנק, אָפענהערציג און מיט בעשלוס — ווי עס איז פאסענד פאר א רעגירונג וואָס איז שטארק און זיכער אין זיך אליין.“

די פּעטראָגראדער „רעטש“, די גרעסטע ליבעראלע רוסישע טעגליכע צייטונג, ווייזט אָן דעם 20טען אויגוסט 1915, דאָס דער אוקאַז איז בלויז צייטווייליג און מוז לעגאליזירט ווערען דורך געזעצליכע איינפיהרונג (דורך דער דומא) אין צייט פון זעכס מאָנאט. זי האָפט דאָס דיעזע געזעצליכע איינפיהרונג וועט נישט איבערלאָזען די אבסורדע בעשרענקונגען פון דעם אריגינעלען אוקאַז.

„אויב עס איז ענדליך שוין אנערקענט געוואָרען אלס נויטהווענ־דיג אפּצושאַפען דעם שאנדפלעק, די טשערטא, דארפען מיר נישט איבערלאָזען דערפון אפילו קיין פינטעלע. פון א מאָראלישען שטאנד־

פונקט — און אפילו אַן אימפעריע מוז האָבען א שטאנדפונקט — איז א קליינער אונטערשיעד אויב א מענש איז געשמידט מיט א לאַנגע קייט אָדער מיט א קורצע. עס דאַרף גאָר נישט זיין קיין קייט."

דאס זעלבע קלינגט אויך אָפּ אין פעטראָגראַדער „קוריער":

„אויב עס איז דאָ אפילו איין ווינקעל אין רוסלאנד וואוהין אידען ווערען נישט אריינגעלאזט, בליבט נאָך דיא טשערטא, קיין אונטער־שיעד וועלכע ארגומענטס מען זאָל בענוצען און קיין אונטערשיעד וואָס פיר א פערשפּרעכונגען מען זאָל געבען וועגען צוקונפטיגע „פּריווילעג־יען". א פּרינציפּ קען נישט געמאָסטען ווערען לויט קוואנטיטעט. דער שריט וואָס איז ביז יעצט גענומען געווארען איז בלויז אַן אנפאנג, און דאָס לעבען פאָדערט אז עס זאָל געענדיגט ווערען. אויסער דאָס „רעכט צו לעבען" זיינען פאראַן נאָך אנדערע רעכט וואָס ענטשטעהען דערפון — דאָס רעכט צו לערנען אין שולען, צו מאכען געשעפטען, צו בעזיצ־ען אייגענטהום און צו זיין פריי אויסצוקלייבען וועלכע בעשעפטיגונג מען וויל".

אפילו דער עקסטרעמער רעאקציאָנערער אָרגאַן „קאָלאָקאָל", וועלכער האָט ביז יעצט געהאלטען אין איין גוואלדעווען דאָס די „עכט רוסישע לייט" זאָלען בעשיצט ווערען פון אידישע קאָנקורענץ, דורך פערהאלטען די אידען אין דער טשערטא, ערקלערט יעצט:

„שאפט אָפּ די טשערטא אינגאנצען. אפילו יעצט איז זי נישט מעהר ווי א זיפּ. אלעס פון ריכטיגע פעהיגקייט אין יודענטהום, יעדע אידישע פאקולטעט געשארפט פיר דעם קאמפף פאר עקזיסטענץ, דרעהט זיך לייכט אויס פון דער טשערטא. דיעזע בעשטענדיגע נויטה־ווענדיגקייט אויסצודרעהען זיך פון דעם געזעץ מאכט נאָר די אידען קאָרופּט און פערביטערט". *)

די מענשען וואָס זיינען מייסטענס בעריהרט, די זעקס מיליאָן אידען אין רוסלאנד, האָבען אויפגענומען דעם „בעפרייאונגס אוקאז" מיט טיעפען מיסטרויען. זייער גרעסטע דאגה איז נאָר געווען אז די נייעס וועגען דיעזען אוקאז זאָל פערבלענדען די אויגען פון זייערע גלויבענס־ברידער אין אויסלאנד. ביי א נאציאָנאלען צוזאמענפאָהר

---

*) ארויסגענומען פון „רעטש", אויגוסט 9. (22) 1915.

פון אידישע פובליציסטען און רעליף טהוער אין פעטראָגראַד, זיינען די פאָלגענדע רעזאָלוציאָנען אנגענומען געוואָרען:

„מיר ווילען נישט אז אונזערע ברידער אין אנדערע לענדער זאָלען קריגען א פאלשען איינדרוק וועגען אונזער שטעלונג צום אוקאַז וועגען דער טשערטא אָבשאפונג... דיא ערלויבניס צו וואוינען אין שטעדט ארויס פון דער טשערטא העלפט נישט אויף קיין אופן צום איבעל, העלפט נישט צו די דרינגענדע נויטהווענדיקייטען פון אונזער צייט, און בעריהרט נישט אויף קיין אופן די געזעצליכע בעשרענקונגען וואָס זיינען אין קראפט געגען די אידען ... אויסדריקענדיג אונזער טיעפסטען צאָרן אויף דער ערנידערונג און פערפאָלגונג צו וועלכע די אידען זיינען אונטערוואָרפען זייט דעם אנפאנג פון דער מלחמה, ער־קלעהרען מיר דאָס די רעגירונג קען טהאָן גערעכטיגקייט צו די אידען און פערמיידען ווייטערע פערפאלגונגען נאָר דורך דער גענצליכער און אונקאָנדיציאָנעלער אפּוואַרפונג פון אלע בעזאנדערע אויסנאהמס געזעצע."

דאָס הויפּט רוסיש־אידישע וואָכענשריפט „יעווריעיסקאיא זשיזן", פון 23־טען אויגוסט 1915, האָט אין א לייט ארטיקעל ערקלעהרט:

„ווען דיעזער אוקאַז וואָלט אָנגענומען געוואָרען אין יולי אָדער אויגוסט 1914, וואָלטען מיר איהם עמפּפאנגען מיט צוטרויען און מיט פרייד. דאַמאלס זיינען די אידען געווען בערייט צו שעצען יעדע פאָלי־טישע הנחה און האָבען געקוקט אויף יעדע זאַך ווי אויף אן אָנפאנג פון א נייע עפּאָכע. יענע נייע עפּאָכע איז אָבער געקומען, אָבער, אך! פון וואָס פאר א פערשידענעם כאַראַקטער! פעריאָדען פון בלבולים און טויט־שרעקען; אין קאָוונא גירושים און אין קוזשי בלבולים, און דאָס פאָלק איז געוואָרען פערצווייפעלט. דיעזע האלבע הנחה פון די מיניס־טאָרען,טראָץ איהר פראַקטישע וויכטיגקייט, קען נישט אויפלעבען די אידען, און די הויפּט אורזאכע ליעגט אין דעם פאקט וואָס דיעזער אוקאַז טראָגט נישט קיין שום נייע אנשויאונג וועגען דעם ווירקליכען סוביעקט — וועגען דער יודענפראגע. דער אוקאַז איז נאָר א לייכטע הילפע אין דעם צושטאנד פון די בירגער וואָס האָבען קיין רעכט און וואָס בלייבען אָהן רעכט... די אידען, ווערען בעטראַכטעט, אין דעם נייעם אוקאַז, אלס בירגער פון צווייטע קלאַסע. מיר פערבלייבען פאר־

יאהם (בירגער פון געמיינסטען שטאנד) פון וועלכע עפּעס מוז צוריק־
געהאלטען ווערען, פאר וועלכע דערפער דארפען געשלאסען ווערען
מיט מורא, און פאר וועלכע די אויסערוועהלטע צענטערס מוזען
געשלאָסען ווערען מיט א געפיהל פון עקעל... דער עלעמענט פון אונ־
טערשיעד צווישען אידען און אנדערע בירגער ווערט נאָך שטארקער
בעאיינדרוקט. דער פּרינציפּ פון גלייכע רעכטע פאר אידען איז
נישט פערווירקליכט געווארען און אָהן דעם קענען קיינע מאט־
ריעלע נוצען וואָס ווערען פערשפּראָכען דורך דעם נייעם אוקאז,
נישט ערדייכען די נשמה פון דעם פאָלק. נאָר אנערקענונג פון
דאָס רעכט פון די אידען צו אלע רעכטע פון דעם רוסישען
בירגערטהום וועט צושמעלצען דעם אייז פון דער קאלטער
ענטטוישונג וואס האט פערגליווערט אלע רוסישע אידען.“

צולעצט, לאָמיר אויך ציטירען דעם ריהרענדען ארטיקעל פון דעם
בעריהמטען אידישען היסטאָריקער סימאָן דובנאָוו אין דער „יעווריעס־
קאיא נעדעליא“, סעפּטעמבער 1915, פערדאמענדיג די היפּאָקריטסט־
וואָ פון דער רעגירונג און פאָדערענדיג די באלדיגע אָבשאפונג פון אלע
אידישע אויסנאהמס געזעצע:

„עס איז שוין א געטוייער יאָהר, זייט די צושראָקענע געזיכטער פון
די: „ארעסטאנטען“ זיינען ערשיענען דורך די גראטעס פון יענער
גיגאנטער טיורמע וואָס איז בעוואוסט אלס „די אידישע טשערטא.“
א טהייל פון דער טיורמע איז שוין געוועו ארומגעוויקעלט אין די
מלחמה פלאמען און די גאנצע געביידע איז געוועו אין געפאהר. די
ארעסטאנטען אין זייער טויט־שרעק האָבען געקלאמערט מען זאָל
עפענען די טיהרען. מען האָט זיי ארומגעטריעבען פון איין טהייל פון
דער טיורמע צו דער אנדערער, אָבער די טיהרען זיינען געבליבען גע־
שלאָסען. דעם אויפזעהער’ס ענטפער אויף זייערע בקשות איז געוועו,
אז עס איז אונמעגליך זיי צו בעפרייען אפילו אין מלחמה צייט, ווייל
שפּעטער וועט זיין שווער זיי צוריקצוכאפּען!

„צולעצט זיינען די וועכטער געגוען געצוואונגען צו עפענען
אביסעל דיא טיהרען און ארויסלאָזען א טהייל פון דיא בעטויבטע,
האלב־דערשטיקטע ארעסטאנטען; אבער אפילו דאן, זיינען זיי קאראנ־
טירט געווארען אין דריי גובערניעס, וואָס זיינען באלד געווארען איבער־
פילט מיט פליכטלינגע; און נאָר יעצט, ווען דער גרעסטער טהייל פון

דער טשערטא מיט א אידישע בעפעלקערונג פון צוויי מיליאָן, איז געוואָרען אויסלענדישע באָדען — נאָר יעצט זיינען די טהויערען פון די געפּאקטע טיורמעס געעפענט געווארען און מען לאָזט ארוים מיט פאָרזיכטיגקייט די ארעסטאנטען...

„אויב אונזער ווייטערע בעפרייאונג זאָל אָנגעהן מיט דעמזעלבען שריט, וועלען מיר עררייכען פולע פרייהייט נאָר נאָך אונזער פאָלקאָמענע פערניכטונג...

„דאס שטיקעל טובה ווערט אונז צוגעווארפען אונטער קאָנדיציאָנען, אינערליכע און אויסערליכע, וואָס בעאיינדרוקען גאנץ שארף איהר געצוואונגענעם כאראקטער. דער אוקאז איז נישט א שריט פיר בענייאונג; עס איז פונקט ווי צוגעווארפען א שמאטע צום קרבן, נאָכדעם ווי מען האט פון איהם אוועקגענומען זיין לעצטע העמד. דיעזע פערשפּעטיגטע, טהיילווייזע פריווילעגיום מוז עראינערען דעם איד, דאָס פון אלע נאַציאָנאליטעטען אין רוסלאנד — נישט אויסגענומען אפילו די האלב־ווילדע שטאמען — האָט ער אליין זיך גענויטהיגט אין אזא טובה.

„ביי דיזע צייט פון טיעפסטען טרויער אויף די קברים פון טויזענדע פון אונזערע בריעדער וואָס זיינען געפאלען קרבנות ניט נאָר פון דעם שונא׳ס שווערד, זאנדערן אויך פון רציחות אין אונזערע אייגענע גרענעצען, צווישען די רואינען פון אונזערע שטעדט, קענען אונזערע הערצער זיך נישט פרעהען איבער דער בעטלערישער נדבה וואָס איז אונז צוגעווארפען געווארען. אין שטילקייט וועט אונזער פאָלק אָננעהמען דיעזע צרות׳דיגע מתנה פון דיאיעניגע פון וועלכע עס איז געוואָהנט צו קריגען נאָר קלעפּ; אָבער עס וועט, ווי אימער, פאָדערען גאנץ הויך מען זאָל אומקערען איהם דיא יעניגע רעכטע פון וועלכע עס איז בערויבט געווארען.“

---

## אנדערע וואוינרעכט בעשרענקונגען.

(א) אין דער טשערטא. — אָבוואָהל אָנפאנגס האָט מען די אידען געגעבען דאָס רעכט צו וואוינען איבעראל אין דער טשערטא גופא, איז

דיזע פּריווילעגיע ביסלאַכווייז בעשרענקט געוואָרען. ביז צולעצט זיי-
נען די אידען פערשפּאַרט געוואָרען נאָר אין די שטעדט און גרעסערע
שטעדטלאַך. דורך דעם געזעץ פון 3טען מאַי 1882, זיינען די אידען
פערבאָטען געוואָרען צו בעזעצען זיך אין דערפער אין דער טשערטאַ.
דורך דעם געזעץ פון 29טען דעצעמבער 1887 זיינען זיי פערבאָטען
געוואָרען אַריבערצופאָהרען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער. —
דורך געריכטליכע און אַדמיניסטראַטיווע אויסטייטשונגען זיינען
שטעדטלאַך גאַנץ אָפט ערקלערט געוואָרען אַלס דערפער, און די אידען
זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען איבער נאַכט. די אונטערסטע שורה
דערפון איז געווען, דאָס די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג איז פער-
פּאַקט געוואָרען אין די שטעדט.

אַבוואָהל די אידען צעהלען בלויז 12 פּראָצענט פון דער אַלגע-
מיינער בעפעלקערונג פון דער טשערטאַ, פאָרמירען זיי 41 פּראָצענט
פון דער שטאָדטישער בעפעלקערונג. אַזוי ווי דיזע ענגשאַפט
האָט געשאַפען אַ שרעקליכע קאָנקורענץ, וואָס האָט אַנגעמאַכט אַ דלות
און רעדוצירט דעם לעבענס־שטאַנד צו דער נידריגסטער מדרגה, האָ-
בען פיעלע אידען אויס נויטה געמוזט פּרובירען צו ענטלויפען טיפער
אין רוסלאַנד, וואו זיי האָבען זיך געקענט אויפהאַלטען נאָר דורך דעם
וואָס די קאָרופּטע פּאָליציי פלעגט זיך לאָזען שמירען, אום זיך צו מאַ-
כען ניט זעהענדיג. און אפילו אונטער דיזע אומשטענדען פלעגען
אויך פאָרקומען פיעלע רעידס (אַבלאַוועס, יאַגדען) אין מיטען נאַכט
אָדער בעגינען צו טאָג, בעגלייטעט פון דער שרעקליכסטער ברוטאַלי-
טעט, און דאָס לעבען פון דיזע אונגעזעצליכע איינוואוינער איז געווען
פון בעשטענדיגע מורא און ציטערנים.

(ב) אַרויס פון דער טשערטאַ. — די פּריווילעגירטע פינף פּראָ-
צענט, וואָס האָבען געקראָגען דאָס טהעאָרעטישע רעכט צו וואוינען
און רייזען איבער דער גאַנצער אימפּעריע, זיינען אויך בעשטענדיג
גע'רודף'ט געוואָרען דורך די אַרביטראַרישע פּאָליצייסקע און געריכט-
ליכע מיטלען, וואָס האָבען כמעט צו גאָרניט געמאַכט זייער פּריווי-
לעגיע. דיזע קלאַס בעשטעהט פון די פאָלגענדע:

האַנטווערקער, ערלויבט וואוינרעכט נאָך דעם געזעץ פון 1865:
אָבער בעשטענדיגע בעשרענקונגען און נייע אויסטייטשונגען האָבען

רעדוצירט די צאָהל פון אידען וואס געניסען פון דיעזען געזעץ צו א גאנץ קליינע פראקציאָן פון דער אידישער בעפעלקערונג.

ערשטע גילדע קויפלייטע, זיינען ערלויבט צו פערלאזען די טשערטא נאָך פינף יאָהר מיטגליעדערשאפט אין דער גילדע, און זיי דארפען צאָהלען א יעהרליכע טעקס פון 800 רובעל צעהן יאהר צייט נאָכ׳ן פערלאָזען די טשערטא. זייער צאָהל איז אימער געוועז קליין און איז נאָך מעהר רעדוצירט געווארען דורך דער פאָליציייסקע שווינדלען, ביז צולעצט איז זי כמעט ווי גאָר נישט.

גראדואירטע פון העכערע שולען— דיא אָפעראציאָן פון דער „נאָרמע“ (פראָצענטען פון אידישע שילער אין די בילדונגס־אנשטאלט־ען דיעזע צרות׳דיגע מתנה פון דיא יעניגע פון וועלכע עס איז געוואָהנט

פראָסטיטוטקעס.— אידישע פרויען וואָס ווערען פראָסטי־טוטקעס קריגען דאָס רעכט צו וואוינען ארוים פון דער טשערטא.

## 2.—בעשעפטיגונגס בעשריינקונגען.

די עפענטליכע דיענסט פון אירגענד וועלכע פון די פּאָליטישע אבטהיילונגען, איז כמעט געשלאסען פאר אידען. אידען טאָהרען ניט זיין קיין לעהרער, אויסער אין אידישע סקולס. זיי טאָהרען אויך נישט זיין קיין פארמערס. דיעזע קינסטליכע בעשריינקונגען צווינגען די אידען זיך צו נעהמען מייסטענס צו האנדעל און האנדווערק, וואָס דערמיט איבערפילען זיי די רייהען פון דיעזע צוויי קלאסען.

## 3.— אייגענטהום בעשרענקונגען.

אידען טאהרען נישט קויפען אדער פערקויפען, רענטען, ליעסען, אדער אפילו פערוואלטען לאנד אדער ריעל עסטייט ארוים פון דער טשערטא, אדער ארוים פון די שטאָדט־גרענעצען (סיטי לימיטס) אין די טשערטא גופא. די האנדווערקער וואָס האבען דעם פריווילעגיום צו ארבייטען ארוים פון דער טשערטא, טאָהרען אונטער קיינע אומשטענד־ען דאָרט אייגענען זייערע היימס. דאָס בעזיץ פון אייגענטהום, דירעקט אינדירעקט, אין מינען אדער אויל פעלדער, איז אויך פאר אידען פער־באטען.

4 —. פינאַנציעלע לאַסטען.

די אידען צאָהלען אויסער זייערע נאָרמאַנע טעקסעס, א ליכט שטייער (סוועטשני סבאָר) פיר דער אונטערשטיצונג פון אידישע שוהלען, און א פלייש שטייער (קאָראָבקא), וועלכע זיינען אָריגינעל בעשטימט געוואָרען פיר אידישע רעליגיעזע צוועקען, אָבער אין פּראַקטיק ווערען דיעזע געלדער פערוועגדעט פיר אלגעמיינע, ניט־אידישע צוועקען און ווערט זאָגאר בענוצט, טהיילווייז, פיר דער אויספיהרונג פון די פּאָליציייסקע גזירות געגען די אידען.

5.— בילדונגס בעשרענקונגען.

אידען ווערען נישט אריינגענומען אין העכערע בילדונגס אנשטאַלטען, אויסער אין פּראָפּאָרציאָנען פון 3 ביז 15 פּראָצענט פון דער צאָהל פון ניט־אידישע שילער. (פאַר גימנאזיעס, האי סקולס, 10 פּראָצענט אין דער טשערטא, 5 פּראָצענט ארויס פון דער טשערטא; אין פּעטערסבורג און מאָסקווא בלויז 3 פּראָצענט. אין די אוניווערסיטעטטען איבער דער גאנצער אימפּעריע בלויז ארום 3 פּראָצענט.)

א מיניסטאָרישער אוקאז, ארויסגעגעבען אין אויגוסט 1915, ערלויבט די קינדער פון אלע אידען וואָס זיינען אקטיוו אין דער מלחמה, אריינצוקומען אין אלע בילדונגס אנשטאלטען אין דעם לאנד ניט אכטענדיג אויף דער פּראָצענטען־נאָרמע. אין פּראַקטיק ווערט אָבער דיעזער אוקאז, פּונקט ווי דער אוקאז אבצושאפען דיא טשערטא, אויסגעטייטשט אויף פערשידענע אופנים פון די לאָקאלע בעאמטע, און די אונטערשטע שורה איז, דאס דער אוקאז ווערט איגנאָרירט.

דער רעזולטאַט פון דער פּראָצענטען נאָרמע וואָס ווערט אָנגעווענדעט געגען אידען אין די העכערע שולען און אוניווערסיטעטען איז, דאָס אין די שטעדט וואו אידען זיינען צוזאמענגעפּאַקט לויט די וואוינונגס־געזעצע און וואו זיי פאָרמירען א גאנץ גרויסען טהייל, אדער זאָגאר א מאַיאָריטעט פון די איינוואוינער, רויבט מען פון דער אידישער יוגענד די מיטלען צו קריגען א העכערע בילדונג. אין ווארשוי פאָרמירען די אידען 36.30 פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג, אין לאדז 47.59 פּראָצענט, אין לאָמזשע 39.42, אין קאָוונא 54.60, אין ווילנא 40, אין גראָדנא 52.45, אין ביאליסטאָק 65.62, אין ברעסט־ליטאָווסק 78.81, אין פּינסק 80.10, אין בערדיטשעוו 87 .52 פּראָצענט — דאָך

קענען אין די אַלע שטעדט אריינקומען אין די העכערע שולען נישט מעהר ווי די בעשטימטע „נאָרמע".

אויסער דיעזע בעשרענקונג, זיינען פיעל העכערע שולען — ווי די שול פון מיליטערישע מעדיצינישע היגענע, פון אייזענבאהן איני־זשינירינג, פון עלעקטריציטעט, א. ז. וו. — גענצליך געשלאָסען פאר אידען. אפילו קאָמערץ שולען וואָס ווערען אויפגעהאלטען פון די גילדען, נעהמען אריין אידישע שילער בלויז אין דער פּראָפּאָרציאָן פון דער אידישער מיטגליעדערשאפט.

די רעגירונג בעשרענקט אויך דיא גרינדונג פון העכערע שולען אונטער אידישער אויפזיכט. אין 1884 האָט זי געשלאָסען דעם טעכנישען אינ־סטיטוט פון זשיטאָמיר (געגרינדעט אין 1862) אויף דעם גרונד, דאס אין די זידוועסטליכע טשערטא פּראָווינצען פאָרמירען דיא אידען א מאַיאָריטעט פון די האנדווערקער, און א ספּעציעלע אידישע טעכנישע שול וועט דיעזע צאָהל נאָך פערמעהרען. אין 1885 האָט זי געשלאָסען דעם לעהרער אינסטיטוט (א בעריהמטער צענטער פון אידישע לעהרען) אונטער דעם אויסרייד אז „עס איז נישטאָ קיין ווייטערע נויטהווענ־דיגקיט פאר אזא שול."

די פאָלגען פון דיעזע בעשרענקונגען זיינען דאָס צווישען די אידען איז אימער א געיעג אריינצוקומען אין בילדונגס אנשטאלטען. עלטערען ווענדען אָן יעדע מעגליכקייט אריינצושטופּען זייערע קינדער אין די שולען. פיעלע עמיגרירען נאָך די שווייץ, נאָך דייטשלאנד און פראנקרייך, אום דאָרט צו קריגען א העכערע בילדונג און דערנאָך קומען זיי צוריק נאָך רוסלאנד און טרעטען אריין אין דעם פּראָפעסיאָנעלען לעבען. די רעכענונגען צייגען דאָס ארום 3.000 אידישע סטודענטען וואנדערען אויס יעדען יאָהר פון רוסלאנד, אום אריינצוטרעטען אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטען.

6.— מיליטער דיענסט.

די אידען פאָרמירען בלויז 4.05 פון דער בעפעלקערונג פון דער רוסישער אימפּעריע, אבער די פּראָפּאָרציאָן פון אידען וואָס ווערען גענומען צום יעהרליכען פּריזיוו איז ביים אויסברוך פון דער רוסיש־יאפּאנישער מלחמה געשאצט געווארען אין 5.7 פּראָצענט. דיעזעס קומט דערפון וואָס די געזעצע מאכען פיעלע אויסנאהמען לטובת ניט־אידען, אבער אידען געניסען נישט פון דיעזע אויסנאהמען. אין דער ארמעע קען קיין איד נישט דערדיענען זיך צו א העכערען ראנג

ווי קאָרפּאָראַל. א שטראָף פון 300 רובעל ווערט ארויפגעלעגט אויף יעדע אידישע פּריזיור־פעהלונג, און די גאנצע פאמיליע, זאָגאר די קרובים פון דער ווייב׳ס צד, זיינען דערפאר פאראנטווארטליך.

די רעזולטאטען פון דיעזע אונטערדריקונגען און פערפאָלגונגען זיינען גוט בעוואוסט. פּאָליטיש רעכטלאָז, סאָציאל און עקאָנאָמיש ערנידערט, האָט די אידישע בעפעלקערונג אין איהר חושך׳דיגע טשער־טא ענטוויקעלט צרות און דלות. די האנדעלסלייטע האָבען זיך געמוזט נעהמען צו מורא׳דיגע קאָנקורענץ. ארבייטער אין די איבערפילטע רייהען פון די אינדוסטריען מוזען ארבייטען פאר הונגערלוין. די מייסטע אידישע היימען אין רוסלאנד זיינען צרות׳דיגע כאלופקעס, אָהן לופט און אָהן ליכט. אין גרויסע שטעדט איז די פּראָפּאָרציאָן פון בעטלערס א פינפט־חלק פון דער אידישער בעפעלקערונג. אין אָדעס זיינען אין 1900 פון א בעפעלקערונג פון 150.000 אידען געווען נישט װעניגער ווי 48500 וואָס האָבען געמוזט אונטערשטיצט ווערען פון צדקה; 63 פּראָצענט פון די טויטע האָבען געמוזט בעערדיגט ווערען נאָר אָהן געלט און נאָך 20 פּראָצענט פאר די ביליגסטע בערעכנונג. אין יעקאטערינאָסלאווער, בעסאראביער, טשערניגאָווער, פּיעטראָקאָווער און סעדליצער גובערניעס זיינען די פסח׳דיגע צדקה־נעהמער (מעות חיטים) אין די לעצטע 4 יאָהר געשטיגען פון 41 פּראָצענט אויף 46 פּראָצענט.

---

## דער אויסברוך פון דער מלחמה.

אין אזא הינטער־גרונד פון אימער וואכסענדע פערפאָלגונגען און צרות איז אויף די אידען אָנגעקומען דיעזע גרויסע מלחמה. זיי האָבען עס אנגענומען לטובה אלס לאָיאלע רוסישע בירגער, און נישט אָהן האָפנונג אז די מלחמה זאָל ברענגען עפּעס א פערבעסערונג אין זייערע צושטענדע.

די קהלות פון פּעטראָגראד, אדעס און אנדערע שטעדט האָבען אפיציעל געשיקט גרויסע סומען אין גאָלד פיר די רעזערוויסטען; האָבען געגרינדעט האָספּיטעלער פיר די פערוואונדעטע, אָהן אונטער־

שיעד פון ראסע אדער גלויבען; האָבען אָפּגעהאַלטען גרויסע פּאַט־
ריאָטישע דעמאָנסטראציאָנען אין די שוהלען, ביי וועלכע די רבנים
און ראשי הקהל האָבען אַפּעלירט צו דער אידישער יוגענד צו געבען
זייער פולען בייטראג צו דער ארמעע און אויף אלע אנדערע אופנים, ווי
דער גאָלאָווא (מעיאָר) פון אדעס האָט געזאגט: „א ביישפּיעל פון
בערייטקייט אויפצואָפּפערען אלעס פיר דער רוסישער ארמעע“.

דער גייסט פון די אידען אין רוסלאנד ביים אויסברוך פון דער
מלחמה ווערט גוט אויסגעדריקט אין דעם אפּיעל וואָס די אידישע
געמיינדע אין ווילנא — די עלטעסטע אין רוסלאנד און אין דעם מיטעל־
פּונקט פון דער טשערטא — האָט ארויסגעגעבען אין פערבינדונג מיט
דער גרינדונג פון א מיליטערישען האָספּיטאָל:

„אונזער בעליעבטעם פאָטערלאנד, די גרויסע רוסישע אימפּעריע
איז אויפגערייצט געווארען צו א בלוטיגע שרעקליכע מלחמה. עס
איז א קאמפּף פיר דער גאנצקייט און גרויסקייט פון רוסלאנד. אלע
טרייע זיהן פון רוסלאנד האָבען זיך אויפגעהויבען ווי איין מאן צו
בעשיצען זייער פאָטערלאנד, מיט זייער אייגענע בריסט, געגען דעם
אנגריעף פון דעם שונא. אונזערע בריעדער פון אידישען גלויבען,
איבער דער גאנצער רוסישער אימפּעריע, האָבען זיך אויך אָפּגערופּ־
ען אויף דעם רוף פון פּפליכט... פיעלע האָבען זיך פרייוויליג
אנגעשלאסען אָן דער ארמעע וואָס איז אוועק צום שלאכטפעלד.
אָבער די אומשטענדען פאָדערען יעצט דאָס די יעניגע וואָס זיינען
נישט געוועזען גליקליך גענוג גערופען צו ווערען צו קעמפּפען פיר
אונזער לאנד מיט וואפען אין די הענד, זאָלען אויך ברענגען וועלכע
קרבנות זיי קענען נאָר.

‚מיר זיינען שולדיג א חוב קדוש צו דיא יעניגע וואָס האָבען
איבערגעלאָזט פאמיליען און זיינען אליין אוועק פערטהיידיגען
אונזער לאנד און אונז אליין מיט זייער בלוט און מיט זייערע לעב־
ענס. עס איז אונזער פּפליכט אנצונעהמען אלע פעראנטוואָרטליכ־
קייטען פאר די פאמיליעס פון די רעזערוויסטען. עס איז אונזער
פּפליכט צוא זאָרגען פאר די פערוואונדעטע און קראנקע. דיעזע
הייליגע פּפליכטען וועלען אָהן צווייפעל אויפגענומען ווערען פון דער
גאנצער אידישער בעפעלקערונג פון דער אימפּעריע, פון איינצעל־
נע מענשען פּונקט ווי פון קהלות.

„די היסטאָריע פון אלע פערגאנגענע מלחמות איבערהויפט די פון 19טען יאָהרהונדערט, אָנפאנגענד מיט דער מלחמה פון 1812, ווייזט דאָס די אידען האָבען עהרליך און הייליג ערפילט זייער פפליכט אלס בירגער און זיינען אימער געווען בעריייט מקריב צו זיין זייער פערמעגען, זיער בלוט און זייער לעבען... פונקט אזוי וועלען מיר אויך ביי דיעזען גרויסען קריזיס האנדלען, און מיר, די פערטרעטער פון דער אידישער קהלה אין ווילנא, די עלטעסטע אין רוסלאנד און אין סאמע צענטער פון דעם יעצטיגען שטרייט נעהמען די פרייהייט צו אפעלירען צו אונזערע גלויבענס־גענאָסען אנצופאנגען גלייך ארגאניזירען הילפע פיר דיא פערוואונדעטע און פיר די פאמיליען פון די רעזערוויסטען. מיר מוזען זארגען גלייך פאר אלע סאָלדאטען פון אונזער גלאָררייכער ארמעע, אָהן אונטערשיעד פון ראסע אָדער גלויבען, ווייל אלע זיינען בריעדער. זיהן אין אלגעמיין פון אונזער גרויסע פאָטערלאנד.“

די אידישע פרעסע האָט אויך אָפגעקלונגען מיט דיעזען גייסט פון טרייהייט און איבערגעבענהייט. דער „נאָווי וואָסכאָד“ (סעפּ. 24, 1914) איינער פון די לייטענדע אידישע אָרגאנען אין רוסלאנד, האָט ארויסגעגעבען דיעזען אויפרוף:

„מיר זיינען געבארען און ערצויגען געווארען אין רוסלאנד. דאָ זיינען אונזערע קברי אבות. מיר רוסישע אידען זיינען געבונדען צו רוסלאנד מיט שלייפען וואָס קענען ניט צוריסען ווערען, און אונזערע בריעדער וואָס זיינען פערטריבען געוואָרען אויף יענער זייט ים דורך דעם גרויזאמען שיקזאל, האלטען אויך טהייער זייערע אנדענקונגען פון רוסלאנד זייער גאנצען לעבען. ווערכטער פון דיא געבאָטען פון אונזערע אבות, א קערענדעל פון דער גאנצער אידיש־ער נאציאָן ווי מיר רוסישע אידען זיינען, זיינען מיר דאָך אונ־שיידבאר פעראייניגט מט דעם לאנד אן וועלכען מיר וואוינען זייט הונדערטע יאָהרען, און פון וועלכען נישט פערפאָלגונגען און נישט אונטערדריקונגען קענען אונז אוועקרייסען. ביי דיעזען היסטאָרישען מאָמענט, ווען אונזער פאָטערלאנד ווערט געדראָהעט פון אן אויס־לענדישע אריינדרינגונג, ווען ברוטאלע קראפט האָט אויפגעהויבען איהרע וואפען געגען די אידעאלען פון הומאניטעט, וועלען די אידען

פון רוסלאנד מוטהיג ארויסגעהן צום שלאכט און ערפילען זייער הייליגע פפליכט."

די צאָהל פון אידישע סאָלדאטען אין דער רוסישער ארמעע האָט בעטראָפען פון 350.000 (לויט דער שאצונג פון פעטראָגראדער גאָלאָווא פאר א קאָנפערענץ פון רוסישע גאָלאָוואָס אין מאָנאט אויגוסט 1914) ביז 400,000 (לויט דער שאצונג פון פעטראָגראדער יק"א). דיא טויזענדע אידישע סטודענטען וואָס האבען שטודירט אין אויסלענדישע אוניווערסיטעטען, זיינען צוריקגעקומען זיך אָנצושליסען אָן דער ארמעע, אָבוואָהל זיי האָבען געוואוסט אז פאר זיי איז נישטאָ קיין שום פאָרצוג.

אויף דעם שלאכטפעלד האָבען די אידישע סאָלדאטען זיך אויס־געצייכענט מיט זייער העלדענמוטה. איבער 1,000 זיינען בעלוינט געווארען מיט דעם געאָרגיעווסקי קרייץ. פון די פיעלע שעצונגס־בריעף וואָס רוסישע אָפיצערען האָבען געשריבען צו קרובים פון געפאלענע אידישע סאָלדאטען איז גאנץ קלאָהר אז די אידען האבען געוואונען די אכטונג פון זייערע קאמפפס־קאמעראדען. אבער עס איז געווען זייער אונענדליכער אונגליק אז דיא מלחמה זאָל דורך דער לאָגיק פון מילי־טערישע געאָגראפיע, דארפען אויסגעקעמפפט ווערען אויף דעם מזרח זייט אין פוילען, ווייל צווישען די פאָליאקען און די אידען האט שוין פון לאנג אָנגעהאלטען אן אָפענער קאמפף — און די ענטוויקלונג פון דער מלחמה אין פוילען האָבען פערוואורטהיילט די אידען צו א קאטאס־טראפע וואָס איז אונפערגלייכבאר אין דער געשיכטע.

---

# פאליאקען און אידען.

דער שטרייט צווישען די פאָליאקען מיט די אידען ציהט זיך נאָך פון די פריהסטע פעריאָדען פון דעם אידישען לעבען אין פוילען.

אין די ערשטע מדריגות איז עס געווען א ריין רעליגיעזער שטרייט. דער קירכען סינאָד פון 1542 האָט ערקלעהרט דאָס :

„אזוי ווי די קירכע טאָלערירט אידען פיר דעם איינציגען צוועק אז מיר זאָלען האָבען אן אנדיינקונג וועגען דיא יסורים פון קריסטוס, און דורך זייער צאָהל זיך נישט פערמעהרען אונ־

טער קיינע אומשטענדען". (זעה פריעדלענדער „דהי דזשוס אָף ראַשיא ענד פּאָלאנד, זייטע 38).

דער סינאָד פון 1733 האָט ווידערהאָלט די זעלבע לעהרע פון האס דורך ערקלערען, דאָס די אורזאַכע פאַר דער עקסיסטענץ פון די אידען איז: דאָס זיי זאָלען אונז עראינערן וועגען די יסורים פון קריסטוס, און דורך זייער צרה'דיגען צושטאַנד דינען אלס אַ ביישפּיל פון גאָט'ס שטראָף אויף די אונגלויביגע" (זעלבע קוועלע, זייטע 57).

אין די שפּעטערע מדרגות איז דער קאמף געווען הויפּטזעכליך פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. ווען רוסלאַנד האָט פערכאַפּט פּוילען דורך די פיעלע צוטהיילונגען אין 18 טען יאָהרהונדערט, האָט זי נאָך מעהר אויפגעבלאָזען דעם קאמפף צווישען דער פּוילישער און אידישער בעפעלקערונג דורך פערשפּארען זיי אין אַ בעשרענקטען שטח, וואו זיי האָבען נישט געקענט מאכען אַן אנשטענדיגען לעבען; דורך ווארפען זיי איינעם געגען אנדערען אין אַן עקאָנאָמישען קאמפף וואָס איז אַנ־געפיהרט געווארען אויף די ניעדערריגסטע און האַפּנונגסלאָזסטע אופנים, און דורך רייצען זיי מיט רעליגיעזע און ראסען פּאַראורטהיילע און יעדען אנדערען מיטעל וואָס איז מעגליך פאר אַ רעגירונג מיט אונ־בעשרענקטע מאכט און אונפּרינציפּיעלע פּאָליטיק. און די פּאָליאקען, וועלכע זיינען פּאָליטיש אונענטוויקעלט, אנשטאָדט צו פעראייניגען זיך מיט די אנדערע קרבנות פון רוסלאַנד געגען דעם אַלגעמיינעם אונ־טערדריקער, האָבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף זייערע ליידענסגענאָסען מיט אַ שרעקליכקייט וואָס איז אונפערגלייכבאר אין דער אייראָפּעאיש־ער היסטאָריע.

מיט עטליכע יאָהר בעפאָר דער מלחמה איז דיעזער קאמפף געקומ־ען צו אַ קלימאקס איבער דער ערוועהלונג פון אַ דעפּוטאַט צו דער דומא. די אידען פון פּוילען האָבען געפיהלט דאָס זיי זיינען בערעכטיגט וועניגסטענס צו איין פערטרעטער אין דער דומא. הויפּטזעכליך אין דער שטאָדט ווארשוי, וואו זיי פאָרמירען כמעט אַ העלפט פון דער בעפעלקערונג. האָט מיט אַ מאָהל געטראָפען דאָס אין לאָדז איז גראָדע ערוועהלט געוואָרען אַ אידישער דעפּוטאַט, באַמאַש. די אידען, זוכענ־דיג צו האלטען אין פריעדען די פּאָליאקען און נישט פערלעצען זייער נאציאָנאַלען שטאָלץ, האָבען בעשלאָסען אויפצוגעבען זייער קאמפף צו

ערוועהלען א אידישען דעפוטאט אין ווארשוי און האבען געאָפּערט די
פּאָליאקען א פשרה, נעמליך, דאָס זיי וועלען שטימען פאר א פּאָליאק,
אָבער מיט דער בעדינגונג אז ער זאָל נישט זיין קיין אויסגעשפּראָכענער
אנטיסעמיט. די פּאָליאקען האָבען אָבער דורכאויס גיוואָלט ארויס־
שטעלען ניט אנדערש ווי א בעריהמטען אנטיסעמיט. די אידען, ניט
קענענדיג אוים זעלבסט־רעספּעקט אונטערשטיצען אזא קאנדידאט און
ניט קענענדיג ערוועהלען זייער אייגענעם קאנדידאט, האבען דערפאר
זיך פעראייניגט צו אונטערשטיצען א פּוילישען סאָציאליסטישען
קאנדידאט, און דער סאציאליסט איז טאקע ערוועהלט געווארען.

דיעזעס האָט געפיהרט צו א ראכע פון די פּאָליאקען אין פאָרם
פון א באָיקאָט געגען די אידען, ניט נאָר געגען האנדעלם לייט, זאָנדער־
ען אויך געגען אידישע דאָקטוירים, ארבייטער און אלע אנדערע, און
דער באָיקאָט האָט זיך באלד צושפּרייט איבער גאנץ פּוילען, ברענגענ־
דיג אונגליק און דלות אי צו די אידען, אי צו די פּאָליאקען. אזוי מיאוס
און ביטער איז געווען דיעזער באָיקאָט, דאָס אפילו דיא רוסישע
רעגירונג האָט שוין צייטענווייז זיך געפיהלט געצוואונגען אנצונעמען
זיך פאר די אידען.

## אנטיסעמיטיזם אין פּוילען.

אן אויסגעצייכענטע שטודיום וועגען דעם עקאָנאָמישען כאראקטער
פון דעם פּוליש אידישען קאמפף איז געמאכט געווארען פון דער
בעוואוסטער רוסישער זשורנאליסטין מאדאם א.ע. קוסאווא, וועלכע
ערקלעהרט דעם צושטאנד וויא פאָלגט:

„איך האב געפונען רויט־גליהענדען אנטיסעמיטזמוס איבעראל,
איבער גאנץ פּוילען. מיר האָבען אנטיסעמיטיזם אין רוסלאנד, אבער
נאָר פון אן אנדער מין אנטיסעמיטישע בלעטלאך ווי „דווא גראָטא“
האָבען בעשולדיגט די אידען אין אלערליי פערברעכענס, אהן שום
פּראָטעסט פון דער פּראָגרעסיווער פּרעסע, און זיי איז געלונגען אויפ־
צורודערען די פּאָליאקען, אין פּיאסעטשנא, א צערשטערטע שטעד־
טעל נעבען ווארשוי, וואו עס איז פאָרגעקומען א צעהן־טאָגיקע
שלאכט, האָב איך גערעדט מיט פּיעלע פּויערים, וועלכע האָבען
בעשולדיגט די אידען אין פּיעלע פון זייערע צרות, אבער זיי האָבען
נישט געקענט ערקלערען אין וואָס די אידען זיינען טאקי שולדיג. מיר

רוסען האָבען אפגעהאלטען א פערזאמלונג אויסצוגעפינען די אור־
זאכען פון דיעזע געפיהלען... מיר זיינען געקומען צום שלום, דאָס
די פוילישע־אידישע פראגע איז באמת די רוסיש־פויליש־אידישע
פראגע, און בעריהרט אונז אזוי פיעל ווי די פאָליאקען.
זיי האָבען נישט גענוג פלאַץ וואו צו לעבען און עס קומען
דאָרט צו מעהר און מעהר אידען. אפילו דעמאקראטישע אָרגאַניזאַצ־
יאָנען אנערקענען דאס אויך. איין פויערים אָרגאַניזאַציאָן האָט אויס־
געדריקט דורך איהר אָרגאַן, דאָס די אידעע דאָס אידען זיינען א
לאסט פאר פוילען איז אמת, פונדעסטוועגען ווארענט זי די פויערים
געגען אנטיסעמיטיזם.“ *)

## דיא מלחמה אין פוילען.

ווען די קעמפפענדע ארמעען זיינען איבערפאלען פוילען, האָבען די
פאָליאקען דערזעהן זייער געלעגענהייט און האָבען זי אויסגענוצט.
דער חלום פון א פרייע פוילען איז קיינמאָהל נישט ארויס פון זייער
זינען. ווען די וועלט־קאטאסטראָפע איז אנגעקומען, האָבען זיי דער־
זעהן דארין א געלעגענהייט נישט נאָר צוריקצוגעווינען זייער צו־
גליעדערטע לאנד, זאָנדערן אויך ראכע צו נעהמען פון זייערע פער־
האסטע אידען. פונקט ווי די רוסען פלעגען אימער זיך שפיעלען מיט די
פאָליאקען געגען די אידען, אזוי האָבען די פאָליאקען יעצט גענומען
זיך שפיעלען מיט די רוסען, דייטשען און עסטרייכער געגען די אידען.
עס איז דאך געווען אין די אינטערעסען אי פון רוסלאנד, אי פון דייטש־
לאנד און עסטרייך צו זוכען דיא סימפאטהיע פון די פאָליאקען, און די
פאָליאקען האָבען אויסגענוצט דיעזע געלעגענהייט צו מסר'ן די אידען,
דאָ צו די רוסען און דאָ צו די דייטשען, אלס שפּיאָנען און פеррעטהער.

די לאגע פון די אידען אונטער דיעזען קרייץ־פייער איז געווארען
אונערטרעגליך. דא זיינען אייניגע פעלע וואָס ווייזען די ווירקונג פון
די פוילישע מסירות אויף דער אידישער בעפעלקערונג:

איינע פון די ערשטע שטעדט אין רוסיש־פוילען וואָס די עסטרייכ־
ער האָבען איינגענומען, איז געווען זאמאָסץ (זאמאָסטי אין רוסיש) אין

---

*) „ראזסוויעט“, דעצ. 5 (18), 1914, זייטע 12.

דרום פוילען, נעבען דער גאליצישער גרענעץ, וועלכע איז איינגענומען
געווארען פון אן אבטהיילונג סאקאל־סאלדאטען אין סעפטעמבער 1914.
די עסטרייכער זיינען באלד פערטריעבען געווארען פון די רוסען, און די
פאליאקען האבען גלייך פער־מסר׳ט דיא אידען צום רוסישען קאמאנדיר,
בעשולדיגענדיג זיי אין העלפען די עסטרייכער דורך דער צייט וואס זיי
זיינען געוועזן אין שטאדט.

צוועלף אידען זיינען גלייך ארעסטירט געווארען. זיי האבען
געלייקענט זייער שולד, אבער זיי זיינען פעראורטהיילט געווארען צום
טויט.

אין מיטען דער הינריכטונג, ווען פינף אידען זיינען שוין געוועזן
געהאנגען אויף די תליות איז פלוצלונג ערשיענען א רוסישער גלח,
טראגענדיג אן איקאנע פון „גאט׳ס מאמע“. דער גלח האט געשווארען
ביי דער איקאנע דאס די אידען זיינען אונשולדיג און דאס די גאנצע
בעשולדיגונג איז בלויז א בלבול פון די פאליאקען. ער האט דאן
בעוויזען, דאס באמת האבען די פאליאקען אליין אונטערשטיצט די
עסטרייכער און דאס זיי האבען אפילו געהאט טעלעפאן פערבינדונגען
מיט לעמבערג.

די איבערגעבליבענע זיעבען אידען זיינען דערנאך בעפרייעט
געווארען. דער גלח מיט דער איקאנע האט גערעטעט די זיעבען אונ־
שולדיגע אידען, אבער די פינף אונשולדיגע אידען וואס זיינען שוין גע־
האנגען געווארען, האט ער נישט געקענט רעטען... *)

אין לעמבערג האבען די פאליאקען אין מאנאט סעפטעמבער 1914
פער־מסר׳ט, דאס די אידען האבען געשאסען אויף די רוסישע סאלדאט־
ען. פיעלע אידען זיינען גלייך ארעטירט געווארען און באלד איז
געמאכט געווארען א פאגראם, אין וועלכען נאהענט 70 אידען זיינען
געשלאגען און פערוואונדעט געווארען. די דאקטוירים ראבנער און
דיאמענט זיינען ארעטירט געווארען אלס משכנות. און צום סוף, נאך
אן אונטערזוכונג, איז בעוויעזען געווארען אז אלע אידען זיינען אונ־
שולדיג און מען האט אלע ארעטירטע בעפרייעט. **)

---

*) געארג בראנדעס אין „פאליטיקען“. נאוו. 1914.

**) „רוסקיא וויעדעמאסטי“, אקט. 2 (15) 1914, זייטע 20.
„נאווי וואסכאר“, אקט. 2 (15), 1914, זייטע 21.

אין קיעלץ און ראדאם האבען דיא פאליאקען צופלינדערט די אידישע קראמען. ווען די רוסען זיינען אהין צוריקגעקומען, נאך דעם דייטשען ריקצוג, האבען די פאליאקען גלייך פער־מסר׳ט די אידען אלס סימפאטהיזירער מיט די דייטשען. אויך דארט זיינען פיעלע אידען ארעטירט געווארען, אבער נאך אן אונטערזוכונג איז בעוויזען געווארען דאס זיי זיינען אונשולדיג און מען האט זיי בעפרייט. *)

אין מאריאמפאל האט מען צוליעב אזא בלבול געצוואונגען אלע אידען מיט זייער רב, רבי קראוושינסקי אן דער שפיצע צו ארבייטען דריי טעג אויף די וועגען. די ערשטע צוויי פון דיעזע טעג זיינען אויס־געקומען אום סכות. **)

אויך איז אין מאריאמפאל א איד מיט דעם נאמען גערשענאוויץ פער־משפט געווארען צו זעקס יאהר קאטארגע דערפאר וואס ער האט געהאנדעלט אלס גאלאווא אין דער צייט ווען די דייטשען האבען פער־נומען די שטאדט, טראץ דעם וואס די רוסישע אונטערזוכונג האט בעוויזען דאס די דייטשען האבען איהם געצוואונגען אנצונעהמען דעם אמט. ***)

אין יוזעפאוו האבען די פאליאקען געמאכט א בלבול אויף די אידען, דאס זיי האבען פערגיפטעט די ברינימער. 78 אידען זיינען געטויטעט געווארען, פיעלע אידישע פרויען זיינען געשענדעט געווא־רען און אלע אידישע הייזער און קראמען זיינען צערשטערט און צופלינדערט געווארען. ****)

אין דרוסקעני איז א מילנער מיטן נאמען טשעכאווסקי בעשולדיגט געווארען אין געבען א סיגנאל פיר דער דייטשער באמבאדירונג דורך בלאזען דאס פייפעל פון זיין מיל. ווען די רוסען האבען דערנאך צוריק איינגענומען דאס שטעדטעל, האט מען איהם געשטעלט פאר א קריעגס געריכט און עס האט זיך ארויסגעוויזען דאס די בעשול־דינונג איז פאלש. *****)

---

*„נאווי ווארסכאד", סעפ. 22 (אקט. 8) 1914, זייטע 20.
**) „ראזסוויעט", דעצ. 5 (18) 1914, זייטע 18.
***) „נאווי ווארסכאד", סעפ. 22 (אקט. 8), 1914.
****) „ראסוויעט" מערץ 29 (אפריל 11) 1914 זייטע 20.
*****) „פאליטיקען" נאוו. 1 1914.

דאָס זיינען בלויז איינינע נישט־נעקליעבענע פעלע פון די פוילישע מסירות. נישט אין איין איינציגען פאל זיינען די בעשולדיגונגען געווען בערעכטיגט; אין געגענטהייל, זייער גוואלדיגע לעכערליכקיט האָט זיך ארויסגעוויזען פאר דיא מיליטערישע טריבונ־אלען, וועלכע מען מעג דאָך געווים נישט פערדעכטיגען אין פריינד־ליכקייט צו די אידען. א פאָלקאָמענע אילוסטראציאָן וועלען אונז געבען די געשיכטען פון די דערפער נאָוואָ־מיאסטאָ און גראָיצי, נעבען ווארשוי.

---

## די געשיכטע פון נאָוואָ־מיאסטא.

ביי זייער ערשטען מארש אויף ווארשוי אין סעפטעמבער־אָקטאָבער 1914, האבען די דייטשען פערנומען די צוויי דערפער נאָוואָ־מיאסטאָ און גראָיצי אויף עטליכע טעג.

ווען די רוסען האָבען צוריק פערנומען דיא דערפער, האָבען דיא פאָליאקען פערמסר'ט די אידען דאָס זיי האָבען בעגריסט די דייטשען און זיי געגעבען יעדע הילפע — וועהרענד זיי, די פאָליאקען האָבען נעבעך געליטען פאסיוו און האָבען נישט געטהאָן קיין זאך, סיידען די דייטשע מיליטערישע בעאמטע האָבען זיי געצוואונגען דאצו.

די פאליאקען האָבען אָנגעוויזען אויף זיעבען מענשען, פינף אידען און צוויי דייטשען, דאָס זיי זיינען דאָס די פעררעטהער. איין איד גאלדבערג, איז בעשולדיגט געוואָרען אז ער האָט אָנגעוויעזען די דייטשען דעם פלאץ וואו צעהן רוסען האָבען זיך אויסבעהאלטען און זיינען געפאנגען געווארען פון די דייטשען, און נאָך א איד איז בעשולדיגט געווארען אין אָנווייזען די דייטשען וואו זיי קענען פער־כאפען די פערד און שפייז און אין האנדלען אלם זייער וועג־ווייזער.

דער פראָצעס איז פאָרנעקומען פאר דעם מיליטער גערִיכט און אונטער א שטרענגען פערהער האָט די גאנצע געשיכטע געקראָגען נאָר אנאנדער פנים. דער גלח זעמבערזשוסקי האָט עדות געזאָגט דאָס די אידען און די פאָליאקען האָבען זיך בענומען גאנץ גלייך צו די דייטשען, דאָס די אידען האָבען נישט עמפפאנגען די דייטשען מיט שמחה און דאָס זיי האָבען זיך אויך בעקלאגט אויף די רעקוויזיציעס און פלינ־

דערייען פון די ארייגדרינגער, און דאָס נאָר א דאַנק דער טאַקטישער האנדלונג פון די איינוואוינער האָט נאָווא־מיאסטאָ זיך אויסגעדרעהט פון גענצליכע צערשטערונג.

אין דער בעשולדיגונג געגען גאָלדבערג׳ן האָט זיך ארויסגעצייגט דאָס ניט די רוסישע סאָלדאטען האָבען זיך ערגעץ אויסבעהאלטען און נישט זיי זיינען געפאנגען געווארען. פונקט אזוי האָבען אלע אנדערע בעשולדיגונגען זיך אויסגעלאָזט צו זיין פאלש.

ביים פראָצעס האָט זיך אויך ארויסגעוויזען דאָס די בעשולדיגונ־גען זיינען ענטשטאנען דורך צוויי פאקטען — דורך בלבולים פון צוויי פוילישע הוליגאנעס און אויך דורך פאלשע אוסטייטשונג. ביי דער אונטערזוכונג, צום בייספּיעל, האָבען די רוסישע אָפיצערען נישט פערשטאנען קיין פויליש און האבען געמוזט האָבען אינטערפרעטערס. איינער פון דיזע אינטערפרעטערס האָט איבערזעצט א סטייטמענט פון א פּאָליאק, דאָס ער האָט געזעהן דעם איד זילבערבערג געהן גע־ארעמט מיט א דייטשען אָפיציער. ביים פּראָצעס האָט זיך ארויס־געצייגט, דאָס באמת האָט דיעזער פּאָליאק גאָר געזאגט, אז ער האָט געזעהן ווי דער דייטשער אָפיציער האָט אָנגעכאָפּט זילבערבערג׳ן פאר׳ן קארק די צוויי פוילישע הוליגאנעס, זיינען געווען אזעלכע בע־ריהמטע הוליגאנעס דאס אפילו א רוסישער קריעגס געריכט האָט נישט געוואלט אָננעהמען זייערע עדות. אלע אָנגעקלאָגטע זיינען דערפאר בעפרייעט געוואָרען. *)

די בעדייטונג פון דיעזע עפּיזאָדע ליעגט אין דעם פאקט, וואָס דער פאלקאָווניק אין דיעזע קאָמאנדע איז צופעליגער ווייזע געווען א גוטער מענש, וועלכער האָט נישט געוואלט זעהן קיין אונגערעכטיג־קייט און האָט גענומען די מיהע צו מאכען א פאָרזיכטיגע אונטער־זוכונג. הונדערטע אנדערע פעלע וואָס זיינען געווען פונקט אזוי בעגרינדעט, זיינען אָבער פאָרגעקומען פאר געריכטען אָהן דער מעגליכ־קייט פון אזא אָרענטליכע אונטערזוכונג.

נאָך א פאַל פון דיעזען סאָרט איז בעריכטעט געוואָרען פון סובאלק. די פּאָליאקען האָבען בעשולדיגט דאס די אידען פון סובאלק האָבען עמפּפאנגען די דייטשען מיט „ברויט און זאלץ". (די רוסישע

*) „ראזסוויעט", אפריל 12 (25) 1915, זייטען 18-19. „נאָווי־וואָסכאָד", אפריל 10 (23), 1915, זייטען 29-30

נאַציאָנאַלע מאָדע פון אויפנעהמען געסט). דער אמת איז געווען, דאָס כמעט די גאַנצע בעפעלקערונג פון סובאַלק איז ענטלאָפען ביים אָנקומען פון די דייטשען. די דייטשען האָבען אָבער מיט זייער גע-וועהנליכען אויסרעכנונג פאָרבערייטעט אַ ליסט פון די פּראָמינענטע בירגער, וואָס זאָלען אָפּאינטעד ווערען אַלס אַ דעפּוטאַציאָן צו „בע-גריסען" די דייטשען. אויף דיזער ליסט איז בסך־הכל געווען בלויז איין איד.

עס איז בעמערקונגסווערט, דאָס אפילו צווישען די פּאָליאַקען אַליין האָבען זיך אויך געפונען איינִיגע, וואָס האָבען ניט געקענט צו-זעהן די בלבולים און שקרים, און האָבען געהאַט גענוג מוט צו דער-צעהלען דעם אמת. אזא געשיכטע געפינען מיר אין דער פּוילישער „נאָווא גאַזעטאַ" (איבערגעדרוקט אין „ראַזסוויעט", פעב. 8, 1915):

„אַן אַרמעע־אָפיצער, אַ פּאָליאַק, בעריכטעט דיזעס: וואו אונ-זער קאָמפּאַניע איז געשטאַנען, האָב איך געפונען אַ גרופּע סאָלדאַטען אַרום אַ מוזשיק, וועלכער האָט דער־צעהלט, דאָס די אידען האָבען אי-בערגעהאַקט די טעלעגראַף־דראַטהען. די סאָלדאַטען זיינען געווען שרעקליך אויפגערעגט און זיינען שוין געווען בערייט צו נעהמען ראַכע פון די מיזעראַבעלע אידען. איך בין צוגעקומען צו דער גרופּע און געזאָגט צום מוזשיק: „עס פרעהט מיך צו זעהן, דאָס דיין פּאַטריאָ-טישער גייסט ברייננט דיר אַרויסצוגעבען דיזע אידישע פעררעטהער. דו מוזט מיר גלייך נעהמען צו זיי. דו זאָגסט, אַז דו קענסט די שול-דיגע. ווייז זיי אונז אַז, מיר וועלען זיי גלייך אַננעהמען און זיך אָפּרעכנען מיט זיי".

„דער מוזשיק איז גלייך צומישט געוואָרען. ער האָט גענומען שטאַמלען: „איך האָב גאָרניט געזאָגט, איך האָב זיי ניט געזעהען: איך אַליין האָב גאָרניט געזעהען. מען זאָגט נאָר אַזוי, אַלע זאָגען אַזוי".

„איך האָב אָנגענומען אַ שטרענגע שטעלונג און האָב איהם גע-זאָגט: „דו קענסט דיזע לייט גאַנץ גוט, אָבער דו ווילסט זיי ניט אַרויסגעבען. דו ווילסט בעשיצען די פעררעטהער. דו מוזט מיר גלייך נעהמען צו זיי". דער מוזשיק איז דאַן אין גאַנצען צומישט געוואָרען. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איהם און איהם געוואָלט שלאָגען, אָבער איך האָב איהם בעשיצט. ער האָט זיך דאַן מודה געווען, אַז ער רעדט גלאַט פון קאָפּ. איך האָב איהם געהייסען

געהן, אנזאגענדיג איהם ער זאָל בעטען זיין גלח צו פערדינגען דעם פאָלגענדען זונטאג ווענען „ליעבען דעם נאכבאר ווי זיך אליין."

„נאָך א פאל איז געווען דיעזער. אין א ווארשעווער טראַמוועי (סטריט קאר) וואס איז געווען פול מיט פאסזשירען האב איך געזעהן א פוילישע פרוי ארויסקוקענדיג אויף א אטאַמאָביל אמבולאנס. „זעהט"— האט די פרוי אויסגעשריען — די אידען האבען שוין אויך אויטאָמאָביל אמבולאנסעס. זיי מוזען זיין גע־גנב'עטע." איך האָב איהר גענומען אויספרעגען, נאָר זי איז געווען ארענטליך גענוג גלייך צוצוגעבען אז זי ווייס פון ז[illegible]ין זאך און זי זאגט עס אָהנע צו דענקען.

„[illegible]ין דיעזע צוויי פעלע בין איך ארויסגעקומען אלס א פּאָליאק צו בע[illegible]יצען די עהרע פון פוילין, ווייל איך גלויב אז פוילין דארף נישט [illegible]עלכע שענדליכע שקרים און בלבולים פיר איהר רעגענעראציאָן. ווען זיי [illegible]לען נישט זיין אזוי שמערצליך איבערצודערצעהלען, וואָלט איך אייך געקענט געבען א גאנצע סעריע פון אזעלכע געשיכטען."

אפילו די פוילישע גלחים, וועלכע זיינען געוועהנליך אנטיסעמי־טען, האבען זיך געפיהלט געצוואונגען צו פראָטעסטירען געגען די גוואלדטהאטען פון זייערע נאָכפאָלגער. אזוי צום ביישפיעל, אין יאנו־אר 1915 האָבען די גלחים אין פלאצק מיט דעם ערצבישאָף קאָוואלסקי אָן דער שפּיצע זיך משתדל געווען פאר די אידען, וועלכע זיינען ארעסטירט געווארען פון די רוסישע בעאמטע אלס רעזולטאט פון די פּוילישע מסירות.

אזוי שענדליך איז געווען די שטעלונג פון די פּאָליאקען, דאס ביי א קאָנפערענץ פון די פראָגרעסיווע דומא דעפּוטאטען, אין יאנואר 1915, זיינען אָנגענומען געווארען רעזאָלוציאָנען נים צו אונטערשטיצען די [illegible]וילישע דעפּוטאטען אין קיינע פון זייערע נאציאָנאליסטישע פּראָ־יעקטען צוליעב זייער שענדליכער שטעלונג געגען די אידען.

די פוילישע צייטונג „גלאס פּאָלסקי", וואָס ערשיינט אין פּעטראָג־ראד, האָט פערעפענטליכט אן אינטערוויו מיט פּראָפעסאָר מיליוקאוו (פיהרער פון די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראטען אין דומא) ווענען דער פוילישער פראגע. מיליוקאוו האָט אונטער אנדערעס געזאָגט:

„אונזער שטאנדפונקט איז דאָס ביים ווייכסעל וואוינען נישט נאָר פּאָליאקען. דארט וואוינט אויך נאָך א פאָלק, דאָס אידישע פאָלק, וועלכע האָט א רעכט אנערקענט צו ווערען.

„ווען די פוילישע פראגע וועט אויפגענומען ווערען אין דער דומא, וועלען מיר פאָדערען אז דער פונדאמענטאלער אקט זאָל גאראנטירען די רעכטע פון דער אידישער מינאָריטעט אויך." *)

נאָך פיעלע קאָנפערענצען פון די רוסישע, פוילישע און אידישע כלל־טהוער, וואָס האָבען שטאטגעפונען אין פעטראָגראד און אין מאָס־קווא אין מאָנאט יאנואר 1915, האָט די מאיאָריטעט פון די רוסען אויסגעדריקט איהר איינינקייט מיט די אידען אין דיעזע זאך. **)

אפילו די גרעסטע רוסישע רעאקציאָנערען האָבען איינגעזעהן א געפאהר פאר רוסלאנד אין דיעזען פוילישען בלבולים קאמפיין געגען די אידען. אזוי האָט, צום ביישפיעל, דער פיהרער פון די שווארץ־מאה׳־ניקעס פּרלאָוו, נאָך א בעזוך אין פוילען, ערקלעהרט:

„איך האָב נישט געזעהן קיין שלעכטעס מצד די אידען, אבוואהל די פּאָליאקען האָבען אויפגעמאכט אלע מיני בלבולים געגען זיי. אָבער אין דיעזע פוילישע בעריכטע פיהלט איהר פּאראורטהייל, ראכזוכט, שנאה — און מעהר גאָר נישט...

„די אידען זיינען לאָיאל און בראוו, און עס איז זעהר נישט ראטה־זאם אנצופיהרען א פּאָליטיק וואָס קען בעקער̈ען זעקס מיליאָן אונטער־טהאנען אין שונאים." ***)

---

## די געשיכטע פון קוזשי.

די רוסישע מיליטערישע בעאמטע, זוכענדיג א שעיר המשתלח פאר זייערע איינענע מפּלות, האָבען מיט חשק אנגעכאפּט די אלע פוילישע בלבולים, זיי געגעבען אָפיציעלע אנערקענונג און זיי צושפּרייט ברייט און ווייט. דער בעריהמטער אינצידענט פון קוזשי קען אמבעס־טען אילוסטרירען די מעטהאָדען וואָס זיינען בענוצט געוואָרען.

די געשיכטע איז צוערשט געדרוקט געוואָרען אין דעם רוסישען אָפיציעלען אָרגאן „נאָש וויעסטניק", דעם 5טען מאי 1915, און אין

*) „ראזסוויעט", יאנ. 25 (פעב. 7), 1915, זייטע 27
**) „ראזסוויעט", פעב. 1 (14), 1915, זייטע 39.
***) „ראזסוויעט", אפּריל 26 (מאי 9), 1915, זייטע 24.

דעם אָפיציעלען רוסישען רעגירונגס אָרגאַן „פּראַוויטעלסטוועני וויעסטניק", דעם 6טען מאי 1915, און אין פיעל אנדערע ציימונגען. דיזע געשיכטע לוטעט:

„אין דער נאַכט פון 28טען אַפּריל האָבען אין קוזשי, נאָרד־וועסט פון שאַוועל (קאָוונער גובערניע), די דייטשען אָנגעגריפען אַן אָבטהיילונג פון איינעם פון אונזערע אינפאַנטעריע רעגימענטען וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

„דיעזעראָנגריף האָט ארויסגעוויזען די שרעקליכע פעררעטהערישע אויפפיהרונג פון א טהייל פון דער דאַרטיגער בעפעלקערונג — בעזאָנדערס פון דעם אידישען טהייל — געגען אונזערע סאָלדאַטען.

„די אידען האָבען בעהאַלטען אין זייערע קעלערען דייטשע סאָלדאַטען בעפאָר אונזערע סאָלדאַטען זיינען דאָרט אָנגעקומען, און אויף א סיגנאַל האָבען זיי אונטערגעצונדען דעם דאָרף אויף אַלע זייטען. די דייטשען זיינען דאַן ארויסגעשפּרונגען פון די קעלערען און זיינען געלאָפען צום הויז וואו אונזער רעגימענטאַלער קאָמאַנדיר איז איינגעשטאַנען. צו דערזעלבער צייט האָבען צוויי באַטאַליאָנען מיט קאַוואַלעריע אַטאַקירט אונזערע פּאָסטענס און איינגענומען דעם דאָרף. דאָס הויז אין וועלכען דער קאָמאַנדיר האָט געהאַט זיינע העדקוואָרדערס, איז באַלד איינגעפאַלען. דער קאַמאַנדיר, פּאָלקאָווניק וואָווילאָוו, האָט געהייסען פערברענען די רעגימענטאַלע פאָהן, און ענטזאַגענדיג זיך אונטערצוגעבען צו די דייטשען איז ער געטויטעט געוואָרען. דאַן זיינען אָנגעקומען נאָך רוסישע סאָלדאַטען, האָבען ארויסגעיאָגט די דייטשען פון קוזשי אונטע באַיאָנעט און געראַטעט דאָס רעשט פון דער ברענענדער פאָהן.

„אַלע לאָקאַלע איינוואוינער וואָס האָבען אַנטייל גענומען אין דער שרעקליכער געשיכטע, זיינען פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר א קריעגס געריכט און די רעדעל־פיהרער וועלען פערשיקט ווערען נאָך סיביר. דיזער טרויעריגער אינצידענט ווייזט ווידער א מאָהל די נויטהווענדיגקייט פון זיין בעשטענדיג אויף דער וואַך, בעזאַנדערס איבער די אַלע אידישע שטעדטלאַך וואָס זיינען שוין ווען עס איז געהאַלטען געוואָרען פון דעם שונא."

דיזע געשיכטע, מיט אַלע איהרע אומשטענדליכע איינצעלהייטען, איז צושפּרייט געוואָרען ברייט און ווייט איבער דער גאַנצער אימפּעריע

אין אלע אָפיציעלע און האלב־אָפיציעלע ארגאנען פון דער רעגירונג, אויף די בולעטין ברעטער, וואו די רוסישע בעפעלקערונגען פערזאמלען זיך צו לעזען נייעס. דורך מיליטערישע אוקאזען איז די זאך געבראכט געווארען צו דער אויפמערקזאמקייט פון יעדען מאן אין דער ארמעע, ארונטער ביז דעם לעצטען סאָלדאט. פראָווינציעלע רעדאקטערע האָבען געקראָגען א בעפעהל איבערצודרוקען די געשיכטע, אונטער דער דראָהונג פון אנקלאגע. גאנץ רוסלאנד האָט אויפגעשווידערט פון דעם מאָנסטריעזען פעררעטה פון די אידען.

אין טאשקענט האָבען די גלחים ביי א גאָטעסדיענסט אין דעם סאָבאָר (קאטהעדראל) געבעטען גאָט ער זאָל ראטעווען די רוסישע ארמעע פון די שרעקליכע מעשים פון די אידישע פעררעטהער. אפילו די ליבעראלען, וועלכע זיינען געוועהנליך סימפּאטהיש צו די אידען, זיינען געבליבען שטיל. די זאך איז געווען אזוי שווארץ, אז מען האָט גאָר קיין פערטהיידיגונג געקענט געפינען.

מיט א מאָהל האָט אימיצען זיך פערוואָלט צו מאכען אן אונטערזוכונג. דריי דעפּוטאטען פון דער דומא זיינען אוועקגעפאָהרען צום פלאץ, און האט וואָס זיי האָבען געפונען.

דאָס אין דעם גאנצען דאָרף קוזשי זיינען בסך הכל געווען זעקס אידישע פאמיליעס. פינף פון זיי האָבען געוואוינט אין צרות׳דיגע כאלופּקעס וואָס האבען גאָרנישט געהאט קיין קעלערען. אין דעם איינציגען אידשען הויז וואָס האָט יא געהאט א קעלער, איז דער קעלער געווען בלויז ניין פוס ביי זיעבען און צו ניעדריג אז א מענש זאָל אין איהם קענען שטעהן. [illegible] קעלער [illegible]בען נישט געקענט אריין גענוג דייטשען [illegible]ויף צו אטאקירען, שוין ניט זאָגען אניהילירען א רוסישע אבטהיילונג.

דאָס די עטליכע אידען וואָס זיינען געווען אין דעם דאָרף, זיינען אוועק — מיט דע[illegible] ערלויבנים פון די מיליטערישע בעאמטע — דעם 27טען אפּריל, דאָס ה[illegible]יסט דעם טאָג בעפאָר דער דאָרף איז אָנגעגריפען געווארען פון די דייטשען, און האָבען די נאכט פון 27טען צום 28טען גענעכטיגט אין דעם דאָרף מינסטאָק, און צולעצט אוועק.

די אידען זיינען נישט גע־משפּט געווארען און נישט פעראורטטהיילט און נישט היגגעריכטעט געווארען אין קוזשי. קורץ, די גאנצע געשיכטע פון אָנפאנג ביז ענדע איז אן איינפאכע פאבריקאציאָן —

ניט עס זיינען געווען בערען און ניט אפילו קיין וואלד.

די געשיכטע פון קוזשי איז געבראַנדמאַרקט געוואָרען אלס א ליגען דורך דעם אידישען־דעפּוטאַט פריעדמאַן, אין דער דומא, דעם 19טען יולי. ער איז אונטערשטיצט געוואָרען דורך דעם ניט־אידישען דעפּוטאַט קערענסקי, וועלכער האט פערדאַמט דעם בלבול אין דיזע ווערטער:

„איך ערקלער יעצט פון דיזען פּלאַטפאָרם, דאַס איך בין פּערזענליך געפאָהרען נאָך קוזשי, אום צו איבערצייגען זיך, דאַס די אידישע בעפעלקערונג פון קוזשי האט געמאַכט א פּעררעטהערישען אנגריף אויף דער רוסישער אַרמעע. איך פיהל עס אלס מיין פליכט צו וויעדערהאָלען, אז עס איז בלויז א שענדליכער בלבול. עס איז ניט פאָרגעקומען אזא זאַך, און אונטער די לאָקאַלע צושטענדען האט אזא זאַך גאָר ניט געקענט פאָרקומען".

אבער די אפּלייקנונג פון דעם ליגען איז ניט צושפּרייט געוואָרען איבער גאַנץ רוסלאַנד. זי איז אונטערדריקט געוואָרען פון דעם מיליטערישען צענזאָר, און ביז צום היינטיגען טאָג איז די מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען פאָלק, ניט וויסענדיג פון דער אפּלייקנונג, אין גלויבען, אז די געשיכטע איז אמת.

## די געשיכטע פון שאַוועל

נאָך א שפּיאָנען־געשיכטע, וואָס איז ברייט און ווייט פערשפּרייט געוואָרען דורך דער אַנטיסעמיטישער פּרעססע, איז, דאַס מ'האָט אַרויסגעטריבען די אידען פון שאַוועל (קאָוונער גובערניע) פון קורלאַנד דערפאַר, ווייל מען האט זיי געכאַפּט פיהרענדיג די דייטשע סאָלדאַטען אויף שאַוועל. דיזע געשיכטע איז אויך געווען געדרוקט אין אלע מיליטערישע און האַלב־אָפיציעלע צייטונגען אין רוסלאַנד און איז אויך איבערגעדרוקט געוואָרען אין דער אלגעמיינער רוסישער פּרעססע.

די צייטונג „דיען" האט אנגעוויזען וועגען דער לעכערליכקייט פון דיזע און עהנליכע בעשולדיגונגען *):

*) פון „רעטש", מאַי 10 (23), 1915.

„אָננעהמענדיג אפילו די געשיכטע ווי זי שטעהט, אָהנע צו פּאָר־
דערען די נעהמען פון דיא אידען וואָס זיינען געפונען געוואָרען שולדיג,
אָדער אירגענד אנדערע איינצעלהייטען, לאָמיר נאָר בעקוקען די מאַפּע
(לאַנד־קאַרטע). שאַוועל איז דאָך גאָר נישט קורלאַנד. זי איז דאָך גאָר
אין קאָוונער גובערניע, 50 וויאָרסט ווייט פון דעם נעהנטסטען
פונקט אין קורלאַנד און מעהר ווי 50 וויאָרסט פון דעם נעהנטסטען
פונקט וואָס איז בעוואוינט פון אידען. די דייטשען, ווייסען מיר דאָך,
האָבען מאַרשירט אויף שאַוועל נישט דורך קורלאַנד, נאָר פונקט פון
דער געגענגעזעצטער ריכטונג.

„אויב די בעשולדיגונגג זאָל זיין אמת, וואָלט עס אלזאָ הייסען, אז
דיא אידען פון קורלאנד זיינען אוועק 100 וויאָרסט ווייט, גאָר אין א
פרעמדען טעריטאָריום, אום זיך צו שטעלען אין פערבינדונג מיט דיא
דייטשען. דאָס איז דאָך גאַנץ געוויס דומהייט. און נישט וועניגער איז
קלאָהר אז דיעזע באָבע־מעשיות ווערען פאַבריצירט פון גאַנצען שטאָף.
און פאַבריצירט ווערען זיי אָט אזוי: רעפּאָרטען קומען אָן דאָס מען
טרייבט אידען פון קורלאנד. די אנטיסעמיטישע צייטונגען כאַפּען גלייך
אויף, דאָס קוים ווערען אידען געטריבען, האָבען זיי דאָך געוויס גע־
מוזט בעגעהן עפּעס א פערראַטה, און אזוי ווי דיא ליניע פון דעם
דייטשען פאָרווערטס־מאַרש איז בעוואוסט צו זיין אין דער ריכטונג
צו שאַוועל, און אזוי ווי דיעזע אנטיסעמיטען זיינען צו פויל צו
בעטראַכטען דיא מאַפּע, האָבען זיי גלייך בעשלאָסען דאָס דיא אויס־
ווייזונג מוז געוויס קומען דערפון ווייל די קורלענדער אידען פיהרען
אָן דיא דייטשען אין שאַוועל".

און אזוי ווערען פאַבריצירט שפּיאָנען געשיכטען געגען אידען!

---

## אנדערע שפּיאָנען־געשיכטען.

קיין געשיכטע איז צו אבסורד פאר זיי צו גלויבען און צו פער־
שפּרייטען.

עס איז געמעלדעט געוואָרען, און גאַנץ ערנסט געגלויבט געוואָ־
רען, דאָס דיא אידען — ווער, וואו און ווען ווייס מען נישט — האָבען

פערפאַקט אַנדערטהאַלבען מיליאָן רובעל אין א טרונע און אוועק־
געשיקט דיא טרונע נאָך דייטשלאַנד.

דער רב הכולל און דיא אידישע געמיינדע פון ווארשוי האָבען
טעלעגראפירט צו דער „נאָוואָע ווערעמיא“ און אנדערע וויכטיגע צייטונ־
גען, פּראָטעסטירענדיג געגען דיעזע מאָנסטריעזע בעליידיגונג געגען
אידען אין דער צייט ווען זייערע זיהן פערגיעסען זייער בלוט אויף דיא
שלאַכטפעלדער. דיא „נאָוואָע ווערעמיא“ האָט זיך ענטזאַגט צו דרוקען
דעם פּראָטעסט.*)

דיא אידישע געמיינדע פון פּעטראָגראַד האָט אַפּעלירט צום ווע־
ליקי קניאַז ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער דאַמאָלסדיגער הויפּט־קאָ־
מאַנדיר פון דיא רוסישע אַרמעען, אין דיעזע ווערטער:

„דיא גאַנצע אידישע בעפעלקערונג וואָלט אויסשטויסען מיט
פעראַכטונג און מיט צאָרן דיא דאָזיגע נידעריגע פערברעכער, וואס
פערגעסען זייער פפליכט און געוויסען און וואָלטען אין דיעזען
יאָהר פון אלגעמיינע אויפאָפּפערונג ברעכען זייער הייליגע שבועה
פון לאָיאַליטעט צום פאַטערלאַנד, אזא פערראַטה איז פרעמד צו
אונזער גלויבען און האָט קיינמאָהל נישט עקזיסטירט צווישען אי־
דען אין א גרעסערע מאָאס וויא צווישען אנדערע פעלקער.

„און דאָך, קיינמאָהל אין פערלויף פון יאהרהונדערטע, אָהן
אונטערשיעד צו וועלכע פערפאָלגונגען דיא אידען זיינען געוועזן
אונטערוואָרפען, האָט קיין רעגיערונג נישט פערדאַמט אלע איה־
רע אונטערטהאַנען אלס פעררעטהער צו זייער לאנד. דאָס איז צום
ערשטען מאָהל אין דער היסטאָריע דאָס א רעגיערונג נעהמט אָן אזא
שטעלונג געגען אידען. אין דער סאַמע צייט, ווען אונזערע זיהן
קעמפּפען אין דיא רייהען פיר דער עהרע און גרויסקייט פון רוס־
לאַנד, ווערען מיר, זייערע פאָטערס, געהאַלטען פעראַנטוואָרטליך
פאר דיא טהאטען פון אייניגע פערברעכער און מיר ווערען פער־
פאָלגט פאר אונזערע אייגענע זיהן. קיינמאָהל איז א מענש אָדער
פאָלק געוועזן אונטערוואָרפען צו גרעסערע יסורים וויא דיעזע, צו
ניעדריגערע שענדונג פון דער עהרע און זעלבסט רעספּעקט...

---

*) „נאָווי וואָסחאָד“, אויג. 28 (סעפּ. 10) 1914. זייטע 22.

„אייער קעניגליכע האהייט! אין דיעזע טרויעריגע שטונדע פון נסיון ווינשען מיר צו פערפלאנצען אין אונזער פאלק דעם גלויבען אין א ליכטיגע צוקונפט, מיר ווינשען צו פערהיטען דעם פערבאנד פון לאיאליטעט צו אונזער אלגעמיינע פאטערלאנד, וועלכעס איז אזוי נויטהיג פיר דעם וואהלזיין פון אלע פעלקער וואס בעוואוינען רוסלאנד, און וועלכעס איז אזוי מעכטיג ארויסגעוויזען געווארען ווען דער חוצפה׳דיגער שונא האט אנגעגריפען רוסלאנד. מיר ווילען נישט אריינלאזען שטרייט, פערצווייפלונג און טרויער דארט, וואו עס דארפען הערשען נאר איינעקייט, הארמאניע און האפנונג. און מיר וואגען צו אפעליערען צו אייער קייזערליכע האהייט, אין דער האפנונג אז דיעזע בעליידיגונגען וועלען אויפהערען, דאס דער שטעמפעל פון אויסוואורף זאל ארונטערגענומען ווערען פון אונזערע געזיכטער און מיר זאלען קענען, אלס לאיאלע זיהן פון אונזער לאנד, פריי פון יעדען פערדאכט, בענוצען אונזער גאנצען כח אין דעם קאמפף מיט דעם אלגעמיינעם שונא.“

קיין ענטפער איז אויף דיעזען אונטערטהעניגסטען אפיעל נישט אנגעקומען. אין געגענטהייל, דיא פאליטיק צו ווארפען אויף די אידען דיא שולד פאר דיא רוסישע מפלות, איז נאך שטארקער אנגעפיהרט געווארען פון דיא מיליטערישע מאשין.

דער „רוסקי אינוואליד“, דער אפיציעלער ארגאן פון דעם רוסישען קריעגס מיניסטעריום, האט אין פריהלינג 1915, גאנץ אפען בעשולדיגט די אידען אין אונלאיאליטעט און אין סימפאטהיזירען מיט די דייטשען און האט אפען צוגעשריבען די רוסישע מפלות צו דיעזע אורזאכע.*)

מיליטערישע אוקאזען ווי דער פאלגענדער זיינען געווען א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג:

## אוקאז נומער 89

ארויסגעגעבען צו די סאלדאטען פון דעם בעפעסטיגטען ראיאן, נאוואגעארגיעווסק, נאוו. 27. 1914.

די דייטשע צייטונגען דרוקען ארטיקלען, ערקלערענדיג דאס

*) „נאווי וואסחאד“, אפריל 24 (מאי 7), 1915.

צווישען דיא רוסישע אידען געפינען דיא דייטשען פערלעסליכע חברים וועלכע, אויסער וואס זיי סופּליימן זיי מיט שפּייז, זיינען אָפט די בעסטע און דערצו נאָך אונבעצאָהלטע שפּיאָנען, וואָס זיינען בערייט אריינ־צוטרעטען אין אירגענד וועלכע דיענסט אום צו שאדען דיא זאך פון רוסלאנד, און דאָס אין דעם דייטשען זיעג זעהען די אידען זייער ער־לייזונג פון דער רוסישער אונטערדריקונג און פון דער פּוילישער פערפאָלגונג. עהנליכע אינפאָרמאציאָן קומט אָן פאַרטהווערענד פון דער ארמעע.

„אום צו בעשיצען די ארמעע פון דיא שעדליכע טהעטיגקייטען פון דער אידישער בעפעלקערונג, האָט דער הויפּט־קאָמאנדיר פער־אָרדענט דאָס דיא ארמעען וואָס פערנעהמען שטעדטלאך, זאָלען נעהמען משכנות פון דער אידישער בעפעלקערונג און ווארנען דיא איינוואוינער דאָס אין פאל פון פעררעטהערישע טהאטען פון אימיצען פון דיא לאָקאלע איינוואוינער, ניט נאָר אין דער צייט פון דער מיליטערישער בעזעצונג, זאָנדערן אויך נאָכ׳ן פערלאָזען, וועלען דיא משכנות היינגעריכטעט ווערען, און אין פאל פון נויטה־ווענדיגקייט זאל עס טאקי אויסגעפיהרט ווערען.

„ביים פערנעהמען בעוואוינטע פּונקטען, זאל מען מאכען פאָר־זיכטיגע אָביסקען אויסצוגעפינען וועגען דראָטהלאָזע טעלעגראפען, סיגנאלען, טויבען־סטאציאָנען, אונטעראירדישע טעלעגראפען, א. ז. וו., און די פולע שטראָף פון דעם געזעץ זאל אויסגעטהיילט ווערען צו יעדען וואס איז דערמיט פערבונדען.

„אָנווייזונג: טעלעגראמע ביי גענעראל אָראנאָוופסקי, פון דיעזען יאָהר, אונטערן נומער 3422. אונטערצייכענט, דער הויפּט פון דעם פעסטונגס ראיאָן.

„גענעראל פון דער קאוואלעריע, באביר.“

---

דיעזער אוקאז איז ערשיענען דעם 2־טען דעצעמבער 1914, זעכס אוהר אבענדס, און האָט באלד געבראכט פּראָספּעריטי פאר מוסרים און געלד־ציהער, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען ביי א קריעגס געריכט אין לאָמזשע, וואו עס איז בעוויזען געוואָרען דאס דריי מיטגליעדער פון א סיגנאל קאָרפּוס האָבען „פערפלאנצט“ א טעלעפאָן אין א מואווינג פּיקטשור טהעאטער פון א איד מיט דעם נאָמען אייזענביגעל, דערנאָך

האָבען זיי דעם אידען אַרעסטירט און געפאָדערט פון איהם פינף טוי-
זענד רובעל „לא יחרץ געלט”.

ביי דיזען פּראָצעס איז אַרויסגעקומען, דאָס איינער פון דיזער
חברה איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר דער הינריכטונג פון ניט ווע-
ניגער ווי 17 אונשולדיגע אידען, וואָס זיינען געהאַנגען געוואָרען אַלס
שפּיאָנען בלויז איבער דעם, וואָס זיי האָבען ניט געקענט, אָדער ניט
געוואָלט, צאָהלען די כאַבאַר, וואָס ער האָט פערלאַנגט *).

אפילו די לאָיאַליטעט פון די אידישע סאָלדאַטען איז אויך אָפּי-
ציעל געבראַנדמאַרקט געוואָרען אַלס צווייפעלהאָפט.

דער אוקאַז נומער 1193 פון דעם גענעראַל־שטאַב, דאַטירט דעם
27טען אַפּריל 1915, בעאויפטראַגט אַלע סאָלדאַטען „נאָכצושפּירען
די אידישע סאָלדאַטען — בעזאָנדערס זייער בערייטקייט זיך
אונטערצוגעבען אַלס געפאַנגענע — און זייער אויפפיהרונג
אין אַלגעמיין”.

אָבער די פערשפּרייטונג פון דיזען סאָרט אוקאַזען האָט געבראַכט
א קאַטאַסטראָפע אויף די רוסישע אַרמעען. דורך בראַנדמאַרקען די
גאַנצע אידישע בעפעלקערונג אַלס פעררעטהעריש, האָבען די מיליטע-
רישע בעאַמטע ערמוטהיגט די פּאָליאַקען צו פאַבריצירען נייע בלבולים,
וואָס זייער פערשפּרייטונג האָט נאָר פערערגערט דעם מיסטרויען פון
די בעפעלקערונגען און פערוואַנדעלט דעם גאַנצען קאַמפּפס־שטח פון
פוילען פאַר א זומפּ פאַר די רוסישע אַרמעען. די סאָלדאַטען האָבען
ניט געוואוסט וועמען יא טרויען און וועמען ניט. אַנשטאָט צו קעמ-
פען אויף פריינדליכען גרונד, צו זיין ווילקאָמען און צו ווערען אונ-
טערשטיצט דורך די מאָראַלישע און עקאָנאָמישע קוועלען פון דער
ציווילער בעפעלקערונג, האָבען די רוסען געמוזט קעמפען אויף גרונד,
וואָס איז אונטערגעמינעוועט געוואָרען פון האַס, שטרייט און מיס-
טרויען.

ווען די רוסען האָבען אָנגעפאַנגען צו בעגרייפען דיזען קלעגליכען
צושטאַנד, האָבען איינִיגע קאָמאַנדירען געמאַכט פערצווייפעלטע פער-
זוכען אָפּצוהאַלטען די שפּיאָנען־משוגעת.

---

*) „נאָשע סלאָוואָ”, יוני 24, 1915.

גענעראַל פ. קורלאָוו האָט אַרויסגעגעבען דעם פאָלגענדען אוקאַז אין די באַלטישע פּראָווינצען, דעם 25טען פעברואר 1915:

## אוקאַז נומער 27.

„לעצטענס קומען אָן אַלץ מעהר און מעהר אַנאָנימע מסירות און געשיכטען וועגען פערברעכענס און האַנדלונגען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט די מלחמה-צושטענדע פון די פּראָווינצען אונטער מיין אויפזיכט. אַזעלכע געשיכטען האָבען ניט נאָר קיין בעשטעטיגונג אין די מייסטע פעלע, זאָנדערן די אונטערזוכונגען בעווייזען, דאָס אין דער מאַיאָריטעט פון פעלע זיינען זיי פעראורזאַכט געוואָרען ניט דורך אַ פּאַטריאָטישען וואונש צו העלפען די מיליטערישע בעאַמטע, זאָנדערן דורך פערזענליכע אורזאַכען פון ראַכע, וואָס אין קריגס-צייט קען עס ניט נאָר ניט צוגעלאָזען ווערען, זאָנדערן עס איז בעזאָנדערס פערברעכעריש. דורך אָפּווענדען די מיליטערישע בעאַמטע פון זייערע נעטיגע פליכטען, פערשפּרייטען דיזע געשיכטען אונאָרדנונג און אויפרעגונג צווישען דער לאָקאַלער בעפעלקערונג.

„איך האָב געבעטען די פערשיידענע גובערנאַטאָרען אַרויסצוגעבען אוקאַזען צו די פּאָליציי-בעאַמטע אונטער זייער אויפזיכט, אַז זיי זאָלען ניט מאַכען קיינע אונטערזוכונגען אויף דעם באַזיס פון אַנאָנימע מסירות, אויסער אין אויסערגעוועהנליכע פעלע (אַרטיקעל 300 פון דעם קרימינאַל-קאָדעקס), נאָר צושיקען דיזע מסירות צו מיר און וואַרטען אויף מיינע בעפעהלען.

„אין פאַל פון אונטערצייכענטע מסירות, זאָלען די פּאָליציי-בעאַמטע קודם כל אויספרעגען דעם מסור און וואַרנען איהם וועגען די פאָלגען פון אַ פאַלשער מסירה, און אויב צייכענס פון פערברעכען ווערען בעשטעטיגט דורך דיזען פערהער, זאָל עס פערהאַנדעלט ווערען לויט אַרטיקלען 250 ביז 261 פון דעם קרימינאַל-קאָדעקס, אָדער די גובערנאַטאָרען זאָלען בעשטימען די שטראָפען אין זייער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט.

„איך בעפעהל די פּאָליציי-בעאַמטע נאָכצופאָלגען שטרענג

אַרטיקעל 254 פון דעם קאָדעקס אין זייער אונטערזוכונג. עדות וואָס ווערען געפונען אין זאָגען פאַלש עדות, זאָלען זיין אונטערוואָרפען צו קרימינאַלע אַנקלאַגע אונטער אַרטיקעל 940 פון דעם קאָדעקס.

„אין אַנבעטראַכט פון דעם בעזאָנדערס קרימינעלען כאַראַקטער פון פאַלשע מסירות אין קריעגס צייט, וועל איך אַנווענדען די שטרענג־סטע מיטלען געגען דיא יעניגע וואָס ווערען געפונען שולדיג אין דיעזען פערברעכען.

„איך האָב געבעטען אַלע גובערנאַטאָרען צו פערעפענטליכען דיעזען אוקאַז פאַר אַלעמען."*)

---

## אונטערדריקונג פון דער אידישער פרעסע און שפּראַך.

עס ווייזט זיך אויס, אז דיא עהנליכקייט פון דער אידישער שפּראַך צו דער דייטשער, האָט פאַר דיא אידען געבראַכט נאָך צרות. דאָס בענוצען פון דער אידישער שפּראַך אין רעדען, שרייבען, איבער'ן טעלעפאָן, אויף דער ביהנע, א. ז. וו. איז פערבאָטען געוואָרען דורך דיא מיליטערישע און ציווילע בעאַמטע אונטער שווערע שטראָפען און געפענגנים.

אין לאָדז, ווילנא, רינא, וואַרשוי און אַנדערע אידישע צענטערס זיינען פערבאָטען געוואָרען אידישע פאָרשטעלונגען און די טהעאַטערס זיינען געשלאָסען געוואָרען.

בריעף וואָס זיינען אַנגעקומען פון אויסלאַנד נאָך רוסלאַנד אין יעדע שפּראַך, אויסער אידיש, זיינען דורכגעגאַנגען די צענזורע, אָבער אידישע בריעף האָט מען גאָר איננאַנצען פערוואָרפען.

אין יולי 1915 האָט דער קאָמאַנדיר פון די רוסישע אַרמעען אַרויסגעלאָזט דעם פאָלגענדען אַבסאָלוטען אוקאַז:

„אויף דעם באַזיס פון דער מאַכט וואָס ווערט מיר אָנפערטרויט אונטער פאַראַגראַף 6, אַרטיקעל 415, סעקציאָן 6, פערבאָט איך פאָסט און טעלעגראַף מיטטהיילונגען אין דער געגענד וואָס איז

---

*) „רעטש", מאי 8 (21), 1915.

פערנומען פון דער ארמעע וואָס איז מיר אנפערטרויט געוואָרען, אין דיא אידישע, דייטשע און אונגארישע שפראכען.״*)

דורך דיעזען אוקאז האָט די רוסישע רעגיערונג ניט נאָר געבראַנדמארקט דיא גאנצע אידישע בעפעלקערונג אלס שפּיאָנען און פעררעטהער, זאָנדערן זיא האָט אויך פערוועהרט הונדערטע טויזענדע אידישע סאָלדאטען ביים פראָנט צו שרייבען בריעף צו זייערע קרובים, ווייל פיעלע פון דיא סאָלדאטען האָבען דורך דיא רוסישע בעשרענקונגען געגען בילדונג נישט געהאט די מעגליכקייט צו ערלערנען לעזען און שרייבען רוסיש. דעם אידישען סאָלדאט וואָס האָט ניט געקענט שרייבען רוסיש, האָט די רעגיערונג אלזאָ נישט געגעבען אפילו דאָס שטיקעל טרויסט צו קענען שרייבען א וואָרט צו זיינע טהייערסטע אין דער היים.

ביים אָנפאנג פון דער מלחמה האָבען די מיליטערישע צענזאָרם אָנגענומען די קאָמאנדע איבער דער גאנצער פּרעסע אין רוסלאנד. דאָס זיי האָבען בענוצט זייער מאכט מיט דער גרעסטער אונאָרענטליכקייט געגען דער אידישער פּרעסע, איז אָפען בעשולדיגט געוואָרען אין דער דומא פון די דעפּוטאטען מיליוקאָוו, באָמאש, סוכאנאוו און אנדערע, וועלכע האָבען אָנגעוויזען, דאָס אויב די צענזאָרס ציעלען צו אונטערדריקען יעדע וואהרהייט און צו ערמוטהיגען יעדען ליגען געגען די אידען, האָבען זיי ניט געקענט אָנפיהרען א בעסערע פּאָליטיק. דער דעפּוטאט באָמאש האָט צוגעשטעלט דיא פאָלגענדע קאָנקרעטע ביישפּיעלע אלס בעווייזע ווי אזוי די צענזור פערדרעהט די פאקטען:

1.—זי האָט סיסטעמאטיש אויסגעלאָזט אָדער צוקאליעטשעט די נעמען פון אידען וואָס האָבען געקראָגען דעם געאָרגיעווסקי קרייץ, אום מען זאָל נישט דערקענען אז די העלדען זיינען אידען.**)

פאר רעטען א פערוואונדעטען רוסישען אָפיציער, קענטיג אונטערן פייער, איז דער סאָלדאט ב. מ. א. פון דעם דאָרף סטרוימין, מאָהליווער גובערניע, בעלוינט געוואָרען מיט דעם געאָרגיעווסקי קרייץ פיערטע קלאססע.

---

*) „יעוורעיסקאיאַ זשיזן״, יולי 19 (אויג. 2), 1915. זייטע 42.

**) דאָ איז א ליסט ענטנומען, נישט געקליבען, פון איין אויסגאבע פון דעם „ראזסוויעט״, אפּריל 5 (18), 1915, זייטע 34.

דער סאָלדאַט ס. י. ר. איז בעלוינט געוואָרען מיט דעם געאָר־גיעווסקי קרייץ פיערטע קלאַססע.

דער סאָלדאַט א. ה. ל. פון דעם דאָרף סאָקסאגאן, יעקאטערינאָ־סלאַווער גובערניע, איז בעלוינט געוואָרען מיט געאָרגיעווסקי קרייצען דריטער און פיערטער קלאַסע און איז ערהויבען געוואָרען צום אַמט פון אונטער־אָפיציער.

פאר ראטעווען דעפעשען פון דעם שטאַב צו זיין באטאַליאָן, אונטער דעם שונא׳ס שטארקען פייער, איז דער סאָלדאט ב. ס. ג. בעלוינט געוואָרען מיט דעם געאָרגיעווסקי מעדאל און ערהויבען געוואָ־רען צום אמט פון קאָרפּאָראַל.

שווער פערוואונדעט און יעצט אין שפּיטאָל אין מאָסקווא, איז אבר. ב. בעלוינט געוואָרען מיט א מעדאל, וואָס דעם קיסר׳ס אדיו־טאַנט אָרלאָוו האָט איהם פערזענליך איבערגעגעבען.

א לאנגע ליסטע פון אזעלכע אויסצייכנוגען ווערט געדרוקט אין יעדע אויסגאבע פון דיעזער צייטונג.

2.—ווען דער גאָלאָווא פון פּעטראָגראד האָט גראטולירט דיא אידישע געמיינדע אויף דיא העלדענטהאטען פון דעם 13־יעהריגען אינגעל קויפמאן, האָט דער צענזאָר אונטערדריקט דעם פאַקט דאָס קויפמאן איז א אידיש קינד און דאָס דיא געמיינדע וועלכע איז גרא־טולירט געוואָרען איז דיא אידישע געמיינדע.

3.—געשיכטען אין דער רוסישער פּרעסע וועגען דיא העלדענ־טהאטען פון דיא אידען אין דער פראנצויזישער ארמעע, ווערען ענט־ווערער גענצליך אונטערדריקט, אדער די אידישע נעמען ווערען אויס־געלאָזט.

4.—א שטיקעל נייעס וואָס האָט בעריכטעט דאָס גענעראל סעמ־יאָנאָוו, ווען אידישע סאָלדאטען האָבען געראַטעט פון ארייגפאלען צו דיא דייטשען, בעהאנדעלט די אידען מיט גרויס פריינדליכקייט, איז אונטערדריקט געוואָרען פון דער צענזור.

5.—בריעף פון רעגימענטאלע קאָמאנדירען צו עלטערען פון אידי־שע סאָלדאטען, גראטולירענדיג זיי אויף דער בראווהייט פון זייערע זיהן, אָדער בעריכטענדיג וועגען דיא בעלוינונגען וואָס זיי האָבען גע־קראָגען, זיינען אונטערדריקט געוואָרען.

6. — די מיליטערישע צענזורע האט אונטערדריקט נייעס פון ניט־מיליטערישען כאראקטער, ווען אימער דיזע נייעס האט געקענט אויסגעטייטשט ווערען אלס פריינדליך צו אידען. אזוי, צום ביישפיל, איז אונטערדריקט געווארען א שטיקעל נייעס וועגען די טעטיגקייטען פון אלע בירגער, אהן אונטערשייד פון רעליגיאן, אין דער נאציאנא־לער רעליעף קאמיטע, פון וועלכע דעם צאר׳ס טאכטער טאטיאנא איז אן דער שפיץ. עס איז אויך אונטערדריקט געווארען א שטיקעל נייעס, דאס דער מיניסטארען־ראט איז געגען דער פאליטיק פון די האלסייל גירושים און פערראטס־בעשולדיגונגען געגען די אידען.

7. — אפילו די אפיציעלע ערקלערונג פון גראף באברינסקי, דער רוסישער מיליטערישער גענעראל־גובערנאטאר פון גאליציען, דאס די אידען אין גאליציען האבען זיך אויפגעפיהרט ארענטליך, איז אויך אונטערדריקט געווארען.

8. — דאגעגען אבער, זיינען שענדליך־פאלשע געשיכטען אין די בעוואוסטע אנטיסעמיטישע צייטונגען גאר אהן צענערונג דורכגעלאזט געווארען. די „נאוואיע ווערעמיא", די „רוסקאיע זנאמיא" און אנדערע אנטיסעמיטישע ארגאנען, האבען סיסטעמאטיש געדרוקט בעריכטען פון אידישע דעזערטירונגען, פערראטהען, שפיאנעריי, א. ז. וו., אהן א פינטעלע פון בעוויז, אבער ביים צענזאר זיינען דיזע געשיכטען געווען גאנץ גוט. אזוי האט די „רוסקאיע זנאמיא" ערקלערט, דאס מען קען זיך ניט אנפערטרויען אויף דער לאיאליטעט פון קיין איינצי־גען אידישען סאלדאט. די „נאוואיע ווערעמיא" האט ערקלערט, דאס די אידען זיינען אהן אויסנאהם פערביטערטע שונאים פון דער רוסי־שער ארמעע. דורך דער יאפאנישער מלחמה, האט זי ערקלערט, הא־בען פון 27 טויזענד אידישע סאלדאטען 18 טויזענד זיך אונטערגע־געבען פרייוויליג צו די יאפאנעזער. געשיכטען אהן נעמען, אהן דא־טען און אהן פלעצער האבען דערצעהלט, דאס פוילישע קינדער הא־בען געווארנט די רוסישע סאלדאטען ניט צו נעהמען קיין זאך פון די אידען, ווייל אלעס, וואס אידען וועלען זיי געבען, וועט זיין פער־גיפטעט. דיזע געשיכטען זיינען דורכגעגאנגען דער צענזורע. דער בעריהמטער ליגען פון קוזשי איז ניט נאר דורכגעגאנגען די צענזורע און איז געווען געדרוקט אין דער א פ י צ י ע ל ע ר

רוסישער פּרעסע, זאָנדערן די צענזאָרס האָבען נאָך געגעבען אָנצוהערען צו יענעם טהייל פון דער פּרעסע וואָס האָט געציטערט צו דרוקען אזא פויעריש־אבסורדען ליגען, דאָס זייערע צוקונפטיגע פערהעלטניסע מיט דער צענזורע וועלען זיין אין געפאהר אויב זיי וועלען די געשיכטע נשט דרוקען. רעדאקטערע האָבען ערהאלטען אן אונאויפהערליכען שטראָם פון צירקולארען פערביטענדיג זיי צו בעריהרען פראגען, וועלכע האָבען גאָר קיין שום שייכות געהאט מיט דער מלחמה.

9. — ווען די גרויסע שריפטשטעלער און פובליציסטען פון רוסלאנד האָבען בעשלאָסען אז עס איז ווינשענסווערטה, פיר דער עהרע פון רוסלאנד, צו זאָגען א גוט וואָרט פאר די אידען, האָט דער מיליטעריש־ער צענזאָר אונטערדריקט זייער בראָשורע. אפילו דער נאָכפראגע־בריעף וואָס איז פון דיזע בעריהמטע מענער ארויסגעשיקט געוואָרען, אום אויסצוגעפינען אוסקינפטע וועגען דעם אנטהייל פון די אידען אין דער מלחמה, איז אונטערדריקט געוואָרען. דאָס אידיש־רוסישע וואָכענבלאט „נאָווי וואָסכאָד“ איז בעשטראָפט געוואָרען מיט צוויי טויזענד רובעל און דערנאָך גענצליך אונטערדריקט געווארען דערפאר ווייל עס האָט אָפּגעדרוקט דיעזען בריעף.

אָבער טראָץ די אלע אונטערדריקונגען, האָבען די זעכס מיליאָן אידען אין רוסלאנד נאָך געפונען מיטלען זיך צו האלטען אינפאָרמירט וועגען דער אויפפיהרונג פון זייערע זיהן אויפ'ן שלאכטפעלד, און וועגען אידישע ענינים אין אלגעמיין, דורך די עטליכע אידישע צייטונגען, וועלכע האָבען ווי עס איז פאָרגעזעצט זייער קאמפף, טראָץ אלע שטראָפען און סוספענדירונגען פון דער צענזורע. דעם 5טען יולי 1915 איז אָבער די אידישע פּרעסע גאָר אינגאנצען אונטערדריקט געווארען און די אידען זיינען געבליעבען אין דער פינסטער, אָפּגעהאקט איינער פון אנדערען און זיי אלע צוזאמען פון דער גאנצער וועלט. זיי האָבען נישט די מעגליכקייט צו קומען אין פערבינדונג איינער מיט דעם אנדערען און מיט דעם רוסישען פובליקום. זיי קענען נישט פערמיידען קיין העצען און קיין בלבולים, און האבען נישט די מעגליכקייט אָפּצו־ליקענען די ליגענס וואָס ווערען פערשפּריט געגען זיי. דיא אידען אין רוסלאנד לעבען אין בעשטענדיגען טויט־שרעק, טאָמער וועט אויסגע־קלעהרט ווערען עפּעס א נייער ליגען פון דעם „קוזשי מין“ און ווידער אויפפלאמען דאָס גאנצע לאנד געגען זיי.

# האלסייל גירושים

דער עפענטליכער אָפיציעלער מיסטרויען פון דער אידישער בעפעל־קערונג אין רוסלאנד איז געשטיגען מיט די רוסישע מפלות. וואָס די בעאמטע האָבען געזוכט צו בעאיינדרוקען אז די אידען זיינען פעראנט־וואָרטליך פאר זיי. דאָס האָט ארויסגעבראכט דעם שפּיאָנען משוגעת, אפּגעטהיילט די אידען אלס געפעהרליכע מענשען און זיי איבער־געליפערט הלפלאָז אין די הענד פון די קאָזאצקע סאָלדאטען און די פיינדליכע פּאָליאקען. די רציחות וואָס זיינען בעגאנגען געווארען געגען די אידען אין פוילען און אין גאליציען, האבען מיר שוין ציטירט. אָבער נאָך א שרעקליכערע פאָלגע פון דער רעגירונגס שטעלונג געגען די אידען איז געווען די סיסטעמאטישע ארויסטרייבונג פון דער גאנצער אידישער בעפעלקערונג פון דער מלחמה ראיאָן, א טהאט וואָס האָט אָנגענומען דעם כאראקטער פון אן אונערבארעמדיגע מלחמה פון רוסלאנד אויף איהר אייגענע בעפעלקערונג.

פון דעם סאמע אָנפאנג פון דער מלחמה זיינען געווען איינצעלנע פעלע, אין וועלכע אידען זיינען פערדעכטיגט געווארען אין אונטרייי־הייט, זיינען געטריעבען געווארען פון געוויסע געגענדען. עס זיינען אויך געווען צואוואָרפענע גירושים, גיכער געצוואונגענע אויסוואנדערונגען, פון גאנצע בעפעלקערונגען פון געגענדען וואָס די בעאמטע האָבען געוואָלט אויסליידיגען פיר מיליטערישע אָפּעראציאָנען. אָבער אין מערץ 1915 האָבען די בעאמטע אָנגעהויבען סיסטעמאטישע גירושים פון אלע פוילישע פּראָווינצען, אפילו די געגענדען וואָס זיינען נישט פערנומען געווארען פון די דייטשען, און פון קאָוונער און קורלאנדער גובערניעס, בערירענדיג דערמיט ארום 30 פּראָצענט פון דער גאנצער אידישע בעפעלקערונג פון דער אימפעריע. אפילו דער אידישער דעפּו־טאט פון קאָוונער ראיאָן, פריעדמאן, איז ארויסגעטריעבען געווארען, טראָץ זיינע קאָנסטיטוציאָנעלע פּריווילעגיען אלס א מיטגליעד פון דער דומא.

די ערשטע ליידענדע זיינען געווען דיא אידישע איינוואוינער פון די קלענערע שטעדטלאך. אין א גאנץ קורצע צייט איז דיזער ראיאָן וואו די אידען האָבען פאָרמירט איבער 80 פּראָצענט פון דער בעפעל־

קערונג אין די קליינע שטעדטלאך, אבסאלוט אויסגעלייזדיגט געווארען פון אידישע איינוואוינער. *)

עס איז נאר געווען דורך דער שנעלער דייטשער אריינדרינגונג אין דיעזען טעריטאריום, וואס האט פערהינדערט אז יעדער איינער פון דיא צוויי מיליאן אידען זאל פערטריעבען ווערען. און די וואס זיינען פערבליעבען אין דיעזען טעריטאריום זיינען שוין פערשפראכען געווארען, דורך אן אוקאז פון די אלערהעכסטע מיליטערישע בעאמטע פון רוסלאנד, דאס זיי וועלען פערטריעבען ווערען אזוי שנעל ווי די רוסישע סאלדאטען וועלען נאר צוריקגעווינען דעם באדען. **)

די אויספיהרונג פון די אויסווייזונגס אוקאזען איז געווען אונער־בארעמדיג. די צייט וואס איז אין אלגעמיין ערלויבט געווארען, ז'געווען 24 שטונדען, זעלטען 48 שטונדען. די אידישע איינוואוינער פון קאוונער און קורלאנדער גובערניעס האט מען געגעבען פון 5 ביז 24 שטודען נאטים. ***)

די אידען אין קאוונא גופא האט מען צו וויסען געגעבען אין אבענד פון 3טען מאי, דאס ביז האלבע נאכט פון 5טען טאהר דארט קיין איינציגער פון זיי בלייבען.

## גרויזאמקייט פון בעאמטע.

אין א רעדע אין דער דומא האט דער ניט־אידישער דעפוטאט דזובינסקי ערקלעהרט:

„אלס פערטרעטער פון אונזער 5טע סיבירישע דיוויזיאן בין איך אליין געווען אויף דער סצענע און איך קען עדות זאגען מיט וועלכע שרעקליכע גרויזאמקייט מען האט געטריעבען דיא אידען פון ראד־אמער גובעריע.

„די גאנצע בעפעלקערונג האט מען ארויסגעטריעבען אין צייט פון עטליכע שטונדען אין מיטען נאכט. אום 11 אוהר ביי נאכט האט מען זיי מיטגעטיילט דאס זיי מוזען אוועק, סטראשענדיג צו הענגען

*) „זעמיא לובעלסקא", אפריל 23, (מאי 6), 1915.

**) „רעטש", מאי 10 (23), 1915.

***) „יעווריסקאיא נעדעליא", יוני 14 ,(27), 1915.

יעדען וואָס וועט פערבלייבען ביז טאָג אין אזוי האָבען אין דער פינסטערניס פון דער נאכט די אידען געמומען וואנדערען צו דער נעהנטסטער שטאָדט אילזשא, ארום 30 וויאָרסט ווייט. אלטע לייט קראנקע און פאראליזירטע האָט מען געמוזט טראָגען אויף די ארעמס, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין פוהרען.

„די זשאנדארען און פּאָליציי בעהאנדלען די אידישע פליכט־לינגע וויא פערברעכער. אין איין סטאציאָן, צום ביישפּיעל, אין האָמעל, האָט מען דער אידישער קאָמיטע נישט ערלויבט צוצוקומען צו די טריינס אום צו געבען די אונגליקליכע שפּייז און וואסער. אין איין פאל איז א טריין געווען פערזיעגעלט. ווען מען האט געעפענט די וואגאָנען, האָט מען די מייסטע פון אונגליקליכע געפונען האלב טויט, 16 זיינען געווען קראנק אויף סקארלעטינע און איינער אויף טיפוס.

„אין מאנכע פּלעצער האָבען די גובערנאטאָרען זיך איינפאך לוסטיג געמאכט איבער די אונשולדיגע קרבנות. אין דיעזע הינזיכט האָבען זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט די גובערנאטאָרען פון מינסק, פּאָלטאווע און יעקאטערינאָסלאוו... זיי האָבען פון די קרבנות אויף אַן אונגעזעצליכען אופן צוגענומען זייערע פּאסספּאָרטען און זיי ארויסגעגעבען צייטווייליגע סערטיפיקייטס אינסטרואירענדיג זיי צו ערשיינען אויף בעשטימטע פּלעצער אין איינע פון פינף גובערניעס אין א בעשימטען טאָג. ווען זיי זיינען געקומען אין דיעזע פּלעצער, האָט מען זיי ארומגעווארפען פון איין פּונקט צום אנדערען, לויט דעם קאפּריז פון די לאָקאלע בעאמטע.

„אין פּאָלטאווע איז די אידישע רעליעף קאָמיטע געטאדעלט געוואָרען פון דעם גובערנאטאר פאר אָננעהמען דעם נאָמען „קאָמי־טעט צו העלפען אידישע מלחמה ליידענדע" און האט זיי געהייסען ענדערען זייער נאָמען אויף „קאָמיטעט צו העלפען די ארויסגעטריע־בענע". די אידען האָט דער גובערנאטאָר ערקלעהרט אין זיין אָפיציעלען אוקאז, ווערען געטריעבען ווייל זיי זיינען פּאָליטיש אונפערלעסליך, און זיי פערדיענען דערפאר קיין הילפע." *)

קיין אונטערשיעד איז געמאכט געווארען וועגען געשלעכט אָדער

*) „יעווריסקאיא זשיזן", אויג. 9, 1915. זייטען 19-20.

פיזישען צושטאנד, אלטע לייט, פרויען, קינדער, וואהנזיניגע פון די אירוענאנשטאלטען, אפילו פערוואונדערטע און פערקריפעלטע אידישע סאָלדאטען — אלעמען האָט מען געטריעבען, אָהנע דער מינדעסטער אנבעטראכטונג פון מענשליכקייט און אנשטענדיגקייט. פרויען האבען אויף זייער מיזעראבעלען גלות־וועג געבאָרען קינדער, פאמילען זיינען צובראכען און צושפרייט געווארען. צעהנדליגע טויזענדע האָבען געמוזט מארשירען אין הינטערוועגען אוים מורא פאר סאָלדאטען, קריכען דורך וועלדער און זומפען און דאָרט אומ־קומען פון הונגער און קעלט.

דער סך הכל פון די אידען וואָס האָבען געליטען פון די גירושים איז אונבעוואוסט. די גירושים געהען נאָך יעצט אויף אָן. אנפאנג יוני 1915 האָט די פעטראָגראדער סענטראל קאָמיטע אויסגערעכענט, דאָס דער סך־הכל פון די היימלאָזע אידען, וואָס זיינען רואינירט געוואָרען דורך די גירושים אין פוילען און אין דעם נאָרד־וועסטליכען ראיאָן, בעטרעפט ווענינגסטענס 600 טויזענד. *)

נאָך דעם קאָוונא־קורלאנד גירוש, זיינען בלויז אין ווילנער גובערניע אליין זיך צוזאמענגעלאָפען ארום 200 טויזענד פליכטלינגע. **)

אין ריגא ארום 42 טויזענד ***)
און אין וואָהלין מעהר ווי 250 טויזענד.****)

# מענשען אלם משכנות

עס זענען דאָ בעווייזע, וואָס צייגען דאָס דיא רוסישע רעגירונג, ווען זי האָט גענומען ליידען דיא שרעקליכע פאָלגען פון איהר גירוש פאָליטיק, האָט בעאויפטראגט דיא מיליטערישע בעאמטע צו בעטראכט־ען דיא ראַטהזאמקייט פון ערלויבען דיא פערטריעבענע זאלען זיך אומ־קעהרען צו זייערע היימס, אבער דיזע בעאמטע האבען זיך ענטזאגט

---

*) „היינט“ מאי 21 (יוני 3), 1915.
**) „יעוורעיסקאיא נעדעליא“, מאי 31 (יוני 13), 1915.
***) „יעוורעיסקאיא נעדעליא, יוני 14 (27), 1915.
****) „רעטש“, אויג. 6. (19), 1915.

צו בעטראכטען דיא זאך, אויסער מיט דער בעדינגונג דאס דיא אידען זאָלען פרייוויליג געבען ערבים פון צווישען זייערע אייגענע, נעמליך זייער רב און דיא חשוב'סטע בעלי־בתים. דיעזער פאָרשלאג איז איבעראל צוריקגעוויזען געווארען פון דיא אידען דורך זייער פער־טרעטער אין דער דומא, דעפוטאט פריעדמאן, אין א בריעף צום פאָר־זיצענדען פון דעם מיניסטאָרען־ראטה:

„אלס א דעפוטאט פון קאָוונער גובערניע, פון וועלכע איך צו־זאמען מיט אלע אנדערע אידען זיינען יעצט פערטריעבען, בעטראכט איך אלס מיין פפליכט אויפמערקזאם צו מאכען אייער עקסעלענץ וועגען פאָלגענדעס:

„לויט די פעראָרדנונגען פון די בעאַמטע ערלויבט מען דיא פערטריעבנע אידען צוריקצוקומען אהיים, מיט דער בעדינגונג זיי זאָלען געבען ערבים. דיעזע מאנסטריעזע בעדינגונג, וואס די רעגירונג ציעלט ארויפצולעגען אויף איהרע אייגענע אונטערטהאנען וועלען דיא אידען קיינמאל נישט אויפנעהמען. זיי וועלען ליבערשט ארומוואנדערען היימלאָז און שטארבען פון הונגער, איידער זיך אונטערצוגעבען צו פאָרדערונגען וואָס בעליידיגען זיער זעלבסט־רעספעקט אלס בירגער און אלס אידען. זיי האָבען עהרליך ערפילט זייער פפליכט צו זייער לאנד און וועלען טהאָן דאס זעלבע ביז דער סאמע ענדע. קיינע אויפאָפּערונגען וועלען זיי איבערשרעקען און קיינע פערפאָלגונגען וועלען זיי אראָפּ־פיהרען פון דעם עהרענהאפטען וועג. אָבער אויך וועלען קיינע פערפאָל־גונגען זיי צווינגען אנצונעהמען א ליגען, צו זאָגען עדות, דורך ניעדער־ריגע אונטערגעבונג, דאס דיא מאָנסטריעזע בלבולים געגען זיי זיינען אמת. ווען דער בעליידיגענדער שונא איז אנגעפאלען אויף רוסלאנד, האָבען די אידען זיך אויפגעהויבען צו בעשיצען זייער לאנד מיט זייערע ברוסט, און איך האב געהאט דיא עהרע צו ערשיינען ביי דער היסטאָרי־שער זיצונג פון דער דומא אלס זייער פאָרשטעהער אין דעם אויסדרוק פון דיעזען פרייוויליגען בעגייסטערענדען ענטהוזיאזמוס. דיא אידען האָבען מיט צופרידענהייט אנגענומען דיא אלע אויפאָפּערונגען וואס זייער לאנד האט פון זיי געפאָדערט, דורך דעם געפיהל פון פפליכט צום לאנד צו וועלכען זיי זיינען געבונדען דורך יאהרהונדערטע־אלטע היסטאָרישע באנדען, און אויך דורך דער האָפנונג פיר א ליכטיגערע צוקונפט. און איך מעג זאָגען מיט דער טיעפסטער איבערצייגונג אז

אפילו יעצט, נאך דעם אלעמען וואס מיר האבען דורכגעמאכט, איז דיעזער חוש פון פפליכט אזוי שטארק וויא אימער. אָבער מיט דער זעלבער טיעפער איבערצייגונג בעטראַכט איך אלס מיין רעכט און פפליכט צו ערקלעהרען, דאס קיינע בערויבונגען וועלען צוטרייסלען אונזער פעסטער איבערצייגונג, דאס אלס רוסישע אונטערטהאנען קען מען אונז נישט מאכען פאר קרבנות פון מאסרעגלען וואס ווערען אנגעווענדעט נאר צו שונאים און פעררעטהער; דאָס מיר בעטראכטען זיך און וועלען קיינמאל נישט אויפהערען זיך צו בעטראכטען אלס העכער פון יעדען פערדאכט פון פערראַטה צו אונזער פפליכט און צו אונזער שבועה. אויב די בעאמטע ווינשען באמת אומצוקעהרען דיא פערטריעבענע אידען צו זייערע היימס, מוזען זיי אנערקענען דיעזען געפיהל, ווענען וועלכען איך קען עדות זאָגען אונטער א שבועה, אויף דעם באזים פון פיעלע געשפרעכען און בעאָבאכטונגען, אז עס איז צווישען אונז אלגעמיין, דיעזע ערלויבנים זיך אומצוקעהרען אונטער שענדליכע בעדינגונגען איז נאָר א נייע זינלאָזע בעלידיגונג. אזוי פיהלט דיא גאנצע אידישע בעפעלקערונג, און אין דיעזען געפיהל טהייל איך אויך, אלס זייער פערטרעטער.“

# די צרות פון די פליכטלינגע

די פלוצלונגע ענטוואָרצלונג פון א גאנצען פאָלק פון דעם לאַנד אין וועלכען עס האט געוואוינט זייט יאָהרהונדערטע, האָט געבראכט א שרעקליכע קאטאסטראָפע פאר די אידען פון רוסלאנד און פוילען. עס ווערט געשאצט, דאָס כמעט דריי פון די זעקס מיליאָן אידען אין רוסלאנד און אין פוילען זיינען יעצט אָהן לעבענסמיטעל.

שרעקליך און אונגעהייער ווי דער עקאָנאָמישער פערלוסט איז, איז אָבער דער מאָראלישער פערלוסט נאָך פיעל שרעקליכער. דאָס אידישע געמיינדען־לעבען איז חרוב געווארען. פיעלע פון די שטעדט פון וואנען אידען זיינען פערטריעבען געווארען, זיינען געוועזן די צענטערט פון אידישע קולטור. די מייסטע אידישע בילדונגס אנשטאלטען זיינען געשלאָסען געווארען און פיעלע שוהלען און געביידען פון אינסטיטוציאָנען זיינען צערשטערט געוואָרען. מען קען מיט זיכערהייט זאָגען, אז דיעזען שאָדען קען נישט צורעכט געמאכט ווערען אויף דורי־דורות.

די דעמאָראַליזאַציאָן און פעראָרמונג פון די איינצעלנע פליכט־
לינגע זיינען שמערצהאפט בעמערקבאר איבעראל. שנאָרעריי, וואָס
איז געווען כמעט אונבעקאנט צווישען אידען, איז יעצט א גאנץ גע־
וועהנליכע זאך.

די שרעקליכע צרות פון די פליכטלינגע זיינען שוין צו גוט
בעקאַנט, אום מען זאָל דארפען ציטירען איינצעלנע פעלע. די אידען
וואָס וואוינען ארוים פון דעם מלחמה ראיאָן האָבען אויף זיך אנגענומען
א סיסטעם פון זעלבסט־בעשטייערונג אלס א צוגאָב צו אלע זייערע
שוין גענוג שווערע שטייערען וואָס שטעלען זיי בדלות. די קליינע
אידישע געמיינדע פון מאָסקווא, צום ביישפיעל, גיעבט ארום 85 טוי־
זענד רובעל א מאָנאט — דורכשניטליך א בעשטייערונג פון 200 רובעל
א מאָנאט אויף די 265 פאבריקאנטען, ארונטער ביז 10 רובעל א
מאָנאט אויף זייערן ארעמסטען פריקאזטשיק. אנדערע שטעדט גיעבען
אויך זייער חלק, אבער מיט זייער גאנצע אויפאָפּפערונג קענען זיי דאָך
נישט בעהילפיג זיין אזא שרעקליכען אלגעמיינעם חורבן.

## אונאדעקוואַטליכע פערוואלטונג פון רעליעף

און אין מיטען פון דיעזע קאטאַסטראָפע איז דער אלטער קאמפף
צווישען די פּאָליאַקען און די אידען פאָרטגעזעצט געוואָרען מיט אונ־
אויפהערליכע שרעקליכקייט. די לאָקאלע רעליעף קאָמיטעס האָבען זיך
ענטזאגט אויפצונעהמען אידען אלס פערטרעטער, האָבען ענטזאגט צו
געבען אידען אירגענד וועלכע הילפע און זאָגאר זיי פערטריעבען דורך
דראָהונגען און גוואלד פון די רעליעף סטאציאָנען וואָס ווערען אויס־
געהאלטען פון זייער אייגענעם פאָלק. פון די 71 רעליעף קאָמיטעס אין
פוילען האָבען 52 נישט געהאט קיין אידישע מיטגליעדער, אָבוואָהל די
אידען האָבען פאָרמירט כמעט א העלפט פון דער שטאָדטישער בעפעל־
קערונג און פון 13 ביז 14 פראָצענט פון דער רוראלער. אין די אנדערע
19 קאָמיטעס איז די אידישע מיטגלידערשאפט געווען קוים 10 פראָ־
צענט פון דער אלגעמיינער, אָבוואָהל די אידישע בעפעלקערונג איז
דאָרט פון 35 ביז 68 פראָצענט אין די שטעדט און פון 10 ביז 15 פראָ־
צענט אין די קליינע שטעדטלאך. און אין די מייסטע פון דיעזע
פלעצער האָבען די אידען בייגעטראָגען דעם גרעסערען טהייל
פון די רעליף פאָנדס.

אפילו אינסטיטוציאָנען וואָס זיינען אויסגעהאלטען געווארען אויסשליסליך פון אידישע בייטרעגע, זיינען גענומען געווארען אין בעזיץ פון די פּאָליאקען.

אזוי איז דער פראכטפאָלער האָספּיטאל פיר די פערוואונדעטע אין ווארשוי געשאפען פון דער אידישען קהלה, איז ביז יעצט אָנגע־האלטען געווארען אונטער דעם אָפיציעלען נאָמען פון דער ווארשע־ווער לאָקאלער רעליף קאָמיטע, אן אנטיסעמיטישע אָרגאניזאציאָן אָהן איין אייציגען אידישען פערטרעטער, מיט א באָארד פון די ווילדעסטע יודענפרעסער, וועלכע פיהלען קיין בעדענקונג אין די מעטהאָדען און מיטלען פון זייער אנטיסעמיטישע פּאָליטיק. פּריוואטע נדבות און פּערזענליכע ארבייט פון אידען — אלעס איז פערשוואונדען אין דעם פּוילישען אָבגרונד. אזוי ערקלערט דער „נאָווי וואָסכאָד“, סעפּ. 11 (24), 1914.

די יעצטיגע שטעלונג פון די אידען אין רוסלאנד ווערט גוט אָפּגעשפּיגעלט אין א בריעף, וואס איז אונלענגסט ערשיענען אין דער „יעוורעיסקאַיאַ זשיזן“ *) פון א אידען, א בעזיצער פון א זאלץ מינע, וועלכער איז איינגעלאדען געוואָרען, צווישען אנדערע, בייצוטראָגען זאלץ פאר דיא ארעמע לייט אין ווארשוי, אהן אונטערשיעד פון ראַסע אָדער גלויבען. ער האָט געענטפערט, דאס דער פּאָרשלאג האט ארויס־גערופען זיין טיעפסטע סימפּאטהיע, אבער דאָך נעהמט ער דיא פרייהייט נאכצופרעגען ווער עס וועט האבען דיא אויפזיכט איבער דער אויסטהיילונג פון דיא זאלץ.

„יעדער איינער וויים — שרייבט ער — וועגען דער אונטאָלעראנ־טער שטעלונג פון דעם פּוילישען הילפס קאָמיטעט צו די אידען. דיזעם מאכט אונז צו צווייפלען אויב אייער הויכער פּרינציפּ וועט געוויסענ־האפט אויסגעפיהרט ווערען, ווען דיא אויסטהיילונג וועט אדמיניסט־רירט ווערען פון פּוילישע הענד. דער ווארשעווער קאָמיטעט ווערט בעזאָנדערעס נישט געטרויט, און עס וואָלט זיין זעהר אונאנגענהעם פאר מיר צו פיהלען, דאס דיא לעבענס־נויטהווענדיגקייטען וואס מיר האבען בייגעשטייערט, זאלען צוריק געהאלטען ווערען פון אונזערע אידישע ברידער. דאגעגען וואָלטען מיר בעגריסען יעדע בעמיהונג פון דיא

-----

*) יולי 5 (18). 1915. זייטען 30־31.

רוסישע אָרגאַניזאַציאָנען צו אונטערנעהמען מיטצואַרבייטען מיט דיא פּאָליאַקען און אידען אין דיעזע זאַך, אום צו פערזיכערען אָרענטליכע אויסטהיילונג".

ווען די צענטראַלע־בירגערליכע־קאָמיטעט פון וואַרשוי איז אופגעלייזט געוואָרען דורך דעם דייטשען גאָוורנאָר פון פּוילען, אין סעפּטעמבער 1915, האָבען זיינע רעכנונגען געוויזען דאָס איבער 11 מיליאָן רובעל איז אויסגעטהיילט געוואָרען זייט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, און אידען האבען דערפון געקראָגען קוים 100 טויזענד רובעל, אבוואָהל זיי האָבען פאָרמירט איין זעקסט־חלק פון דער בעפעלקערונג און די געלדער זענען געזאַמעלט געוואָרען מיט דער אויסדריקליכער פערשטענדניס, דאָס זיי וועלען פערטהיילט ווערען אָהן אונטערשיעד פון ראַסע און גלויבען. די ליקווידאַציאָנס קאָמיסיאָן וואָס האָט בעדאַרפט בעשטימען וועגען דעם באַלאַנס וואָס איז געבליעבען ביי דער אויפלייזונג פון דעם צענטראַלען קאָמיטעט, א סומע פון 1,290,000 רובעל, האָט דאָס גאַנצע געלד אָפּגעגעבען צו פּוילישע אינסטיטוציאָנען. אָבוואָהל אין וואַרשוי זיינען דאָ 300 טויזענד אידען, די מייסטע פון זיי אין דער גרעסטער נויטה, האָט מען קיין איינציגען רובעל געגעבען פיר זייער רעטונג.

און צולעצט דאַרף מען אויך בעמערקען, דאָס דערמיט וואָס דיא דייטשען האָבען פערנומען פּוילען איז דיא לאַגע פון דיא אידען וועניג וואָס פערבעסערט געוואָרען, ווייל דער מאַנגעל אין שפּייז אין דייטשלאַנד גופא פערוועהרט דיא דייטשען צו שיקען בעדייטענדע קוואַנטיטעטען שפּייז, אום בעהילפיג צו זיין דיא נויטה פון דיא הונגערליידענדע אידען אין פּוילען.

# פּראָטעסטען פון ליבעראַלען רוסלאַנד

דיא גרויזאַמקייט פון דער רעגירונגס פּאָליטיק געגען דיא אידען האָט נישט געקראָגען דיא אונטערשטיצונג פון דעם רוסישען פאָלק, ווי דיא פיעלע פּראָטעסטען אין דער דומא, אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען און אין דער פּרעסע וועיזען גאַנץ קלאָהר. ווען מיר זאָלען נאָך געדענקען דאָס דיא יעניגע ניט־אידען אין רוסלאַנד, וואָס וואַגען צו זאָגען א גוט וואָרט אויף אידען, ריזיקירען מיט זייער שטאַנד און

פרעסטיזש, זועט דער פאָלגענדער צעטעל פון פראָטעסטען און מאַני-פעסטען געבען אַ גאַנץ פיינעם פעקעל פון בעווייזע געגען דער רוסי-שער רעגירונג, וואס מוזען איהר פעראורטיילען.

דיזע פראָטעסטען זיינען גרופירט געוואָרען פיר בעקוועמליכקייט אין פיער קלאַסען:

## די שטימע פון דער דומאַ.

באַלד ביים אַנפאַנג פון דער זיצונג פון דער דומאַ האבען די לינקע גרופען פאָרגעשלאָגען אַן אינטערפעלאַציאָן צו דער רעגירונג בנוגע איהרע אונגעזעצליכע האַנדלונגען געגען די אידען. נאָך איינינע דעבאַטען זיינען די פאָרגעשלאָגענע פראַגען איבערגעגעבען געוואָרען צום קאָמיטעט אַן אינטערפעלאַציאָנען, וועלכער האָט זיי רעפּאָרטירט דעם 30טען אוגוסט 1915, אין דיזען פאָרמאַט:

ווייסען דער פאָרזיצענדער פון דעם מיניסטאַרען־ראַט און די מי-ניסטאָרען פון אינערן און יוסטיץ פון דער אונגעזעצליכער בענעהמונג פון זייערע אַדמיניסטראַטיווע בעאַמטע אין בעצוג צו די פאָלגענדע פונקטען:

1. — דאָס בעאַמטע פון דער טיורמע־פערוואַלטונג האבען אריינ-גענומען מענשען, וואס זיינען גענומען געוואָרען פון די מיליטערישע בעאַמטע אַלס ערבים פון דער לאָקאַלער אידישער בעפעלקערונג פון ריגאַ, פרושאַק און אַנדערע פלעצער?

2. — דאָס די פּראָקוראָרען האבען ניט גענומען קיין שריט צו בע-פרייען גלייך די יעניגע, וואס זיינען ניט געווען בעשולדיגט אין קיין פערברעכען און זיינען אונגעזעצליך געהאַלטען געוואָרען געפאַנגען?

3. — דאָס די אַרויסגעטריבענע אידען זיינען פון די פּאָליציי־אַגענטען אין ווילקאָמיר, זשאַגאָרי און שאַדאָוו אַריינגעטריבען גע-וואָרען אין פראַכט־וואַגאָנען, וואס זיינען ניט געווען גענוג אפילו פיר אַ צהנט־חלק פון זיי, און די איבריגע, צווישען זיי אויך קינדער, אַלטע מענער און פרויען, און קראַנקע, האָט מען געצוואונגען צו שלעפּען זיך צו־פוס?

4. — דאָס די בעאַמטע פון די לאָקאַלע רעגירונגען האבען ניט גענומען קיין שריטע אָפּצוהאַלטען די שטענדיגע רויבערייען, וואס

די לאָקאַלע בעפעלקערונגען זיינען בעגאַנגען אויף דעם אייגענטום פון די פערטריבענע ?

5. — דאס דיא בעאַמטע פון דער זשאַנדאַרמיע אין האָמעל האט פערוועהרט צו געבען שפייז צו די ארויסגעטריבענע אידען, אבוואהל זיי זיינען געווען אויסגעמאַטערט פון הונגער און דורשט ?

6. — דאָס אין נאַוואָזיבקאָוו זיינען מענשען ארעטירט געוואָרען דערפאַר ווייל זיי האבען געשיקט טעלעגראַמען, אפעלירענדיג פיר הילפע ?

7. — דאס דיא בעאַמטע פון דער זשאַנדאַרמעריע האבען, מיט בעוואָפענטע דראָהונגען, נישט געוואָלט אריינלאַזען אין דיא פערזיגעלטע וואַגאָנען דיא פערזאָנען וואָס האָבען געבראַכט שפייז פאַר דיא ארויסגעטריבענע אידען אויף דער סטאַנציע ביעליצאַ, אויף דער פּאָליעסער אייזענבאהן ?

8. — דאס דיא פּאָליציי בעאַמטע האָבען פערשלאָסען דיא ארויס־געטריבענע אידן אין פערזיגעלטע וואַגאָנען אויף עטליכע טעג נאָכאַנאַנד ?

9. — דאס אריבערשיקען דיזע ארויסגעטריבענע פון זאָלאָטאָ־נאָשאַ נאָך קאָוונאַ און צוריק, זיינען מאַנכע פון זיי געהאַלטען געוואָרען אין דיא וואַגאָנעם צעהן טעג ?

10. — דאס דיא לאָקאַלע אדמיניסטראַציאָן אין דיא שטעדט מינסק, סאַמאַראַ און ראָסטאָוו האט געפאָדערט פון אלע לאָקאַלע צייטונגען זיי זאָלען איבערדרוקען דיא געשיכטע פון דעם אידישען פעררעטה אין דעם דאָרף קוזשי, וואָס איז צוערשט ערשיענען אין „נאָוו וויעסטניק“ ?

11. — דאָס דיא לאָקאַלע אדמיניסטראַציאָן פון טאָשקענט האט פעראָרדענט מתפלל צו זיין, אז גאָט זאָל ראַטעווען דער אַרמעע פון דעם פעררעטה פון דיא אידען ?

12. — אויב דיא אונגעזעצליכע טהאַטען פון די בעאַמטע זיינען בעוואוסט צו דיא דערמאָהנטע פּערזאָנען, וועלכע שריטע זיינען פון זיי גענומען געוואָרען צו בעשטראָפען דיא שולדיגע און צו בעווארענען

אז עס זאלען נישט פאָרקומען אזעלכע געזעץ־ברעכערייען אין דער צוקונפט ?

דיא בעדייטונג פון דיעזע אינטערפעלאציאָן איז גאר אונשעצבאר, דען דיא פאַקטען וואס זיינען ארומגענומען אין דיעזע פראגען, זיינען אָפיציעל אנגענומען געווארען פון א גרויסען בעשטענדיגען קאָמיטעט פון דער דומא, וואָס איז ווירדיג אנערקענט צו ווערען. וואלטען דיא פראגען, וואָס זיינען אריגינעל פארגעשלאָגען געווארען פון דיא לינקע גרופען, געוועזען אָהן א גרונד, וואלטען זיי דאָך געווים צוריקגעוויעזען געוואָרען אָהנע זיי איבערצוגעבען צום קאָמיטעט אָן אינטערפעלאצ־יאָנען; און וואָלט דער קאָמיטעט אָן אינטערפעלאציאָנען, ביים עקזאמינירען דיא בעווייזע וועגען יעדע פראגע אי דורך דיא רעכטע, אי דורך דיא לינקע דעפוטאטען פון דעם קאָמיטעט, אויסגעפונען דאָס די בעווייזע זיינען פעהלערהאַפט אדער נישט גענינעגענד, וואלט דאָך דיא אינטערפעלאציאָן קיינמאָל נישט רעפאָרטירט ווערען אין דיעזע פאָרמאט. דער פאקט, דאָס זי איז רעפאָרטירט געווארען אין אזא פאָרמאַט, איבערצייגט, דאָס דיא בעווייזע זיינען געוועזען אונשטרייט־בארע, און זיינען אנגענומען געווארען אלס אזעלכע אי פון דיא ליבער־אלען, אי פון דיא רעאקציאָנערען. דער רעפאָרט פון דעם קאמיטעט איז דאטירט אויגוסט 30. 1915. דיא דומא איז באלד נאָכדעם געשלאָסען געווארען, און דער רעגירונג׳ס ענטפער אויף דיעזע אינטערפעלאציאָן איז נישט בעוואוסט.

ביי דיא דעבאטען וועגען דיעזע און אנדערע פראגען בנוגע דיא אידען איז דיא אויסדריקליכע שטעלונג פון דער גרויסער מאסע פער־טרעטער פון דעם רוסישען פאָלק, בעוויעזען געווארען צו זיין אונצוויי־פעלהאַפט דורכאויס געגען דער רעגירונג אין בעצוג צו דער יודענ־פראגע. *)

---

*) סטענאָגראפישער בעריכט פון דיא פערהאנדלונגען אין דער דומא.

# פּראָטעסטען פון ליבעראלען

פּראָפעסאָר מיליוקאָוו, דער פיהרער פון די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטען, האָט דעם 19טען יולי 1915 ערקלעהרט:

„דער שטאַרקסטער פאקטאָר אין ברעכען אונזער נאציאָנאלע איינינקייט איז די רעגירונגס פּאָליטיק געגען אונזערע פרעמדע נאציאָנאליטעטען. דאָס מיאוסע שפּיעל פון די דונקעלע ראסען־פּאַר־אורטהיילע פון די מאסען, מיט דער געוועהנליכער וואפע פון דיעזען מין שריט — אנטיסעמיטיזמוס און די פערפאָלגונג פון אלע אנדערע נאציאָנאליטעטען און רעליגיאָנען — ווערט בענוצט מיט אונפער־גלייכבארע געמיינהייט... אונטער דער מאסקע פון מיליטערישע פּאָרזיכטיגקייט ווערען גענומען אונגלויביגע מאסרעגעלען געגען פאנטאסטישע פערברעכענס... אין צייט ווען נאציאָנען קעמפפען פיר די פרייהייטען און רעכטע פון די קליינע פעלקער, קענען אזעלכע טהאטען נאָר פערביטערען אונזערע פריינד און ערפרעהען אונזערע שונאים". (הויכער אפּלויז פון לינקס.)

דער דעפּוטאט קערענסקי האָט ביי דער זעלבער זיצונג געפרעגט:

„מיר קעמפּפען דיעזע מלחמה אויף א טעריטאָריום וואָס איז בעוואוינט פון ניט־רוסישע נאציאָנאליטעטען. האָט אָבער אונזער רעגירונג דיעזען יאהר נישט געגעבען אורזאכע אז דיעזע פעלקער זאָלען צווייפלען אין דער קלוגהייט פון דעם וועג וואָס זיי האָבען אנגענומען מיט א יאהר צוריק, ווען זיי האבען צוזאמענגעשלאָסען זייער שיקזאל מיט אונזערען?"

דער דעפּוטאט טשכיידזע האָט דעם 3טען אויגוסט 1915 אין א רעדע אין דער דומא זיך אויסגעדריקט ווי פאָלגט:

„עס איז אייך גוט בעקאנט דאָס דער רעגירונגס רעזשים איז בעגרינדעט אויף אידישע אונטערדריקונג און דאָס אין אלע קריטישע מאָמענטען ציעלט זי קודם כל איהרע קלעפּ אויף די אידען, דערפאר ווייל זיי זיינען די לעצטע צו דערלאנגען צוריק...

„מיט א יאהר צוריק האָט זיך אנגעפאנגען די מלחמה און באלד האָט די רעגירונג אנגעפאנגען צו ווארפען איהרע בלבולים פון פערראַטה אויף די אידען. היינט וויים רוסלאנד און די גאנצע וועלט ווער עס דארף בעשולדיגט ווערען אין דער לאגע אין וועלכע רוסלאנד

געפינט זיך. די שולדיגע זיינען גאַר ניט די אידען, ווי דאָס גאַנצע לאַנד וועט בעשטעטיגען, זאָנדערן די יעניגע וואָס האָבען אָנגע־שטאָפּט זייערע קעשענעס מיט דעם געלד וואָס זיי האָבען געמאכט פון די רעגירונגס בעשטעלונגען און ארמעע סופּלייעס (געשרייען פון לינקס: דאָס איז אמת!) די שולדיגע זיינען די יעניגע וואָס האבען מיט דער הילפע פון אזעלכע וויא מיאסאָדיעוו, גראַטגוס און אנדערע פעררעטהער, בעטראָגען רוסלאַנד...

„די מלחמה זאָגט מען איז א קאמפּף פאר פרייהייט, ברידער־ליכקייט און גלייכהייט, אָבער מיט וואָס פאר א רעכט מאכט מען א גאַנץ פאָלק ליידען פאר די פערברעכענס פון איינצעלנע פער־זאָנען, שוין נאָכגעבענדיג אז דיא איינצעלנע זיינען שולדיג?

„אין דעם נאָמען פון וועלכען אמת איז די קוזשי פערליימדונג פערעפענטליכט געוואָרען אין דעם פּראוויטעלסטוועני וויעסטניק" (רוסלאַנד'ס הויפּט רעגירונגס אָרגאַן)?

אין נאָמען פון וועלכען אמת ווערען די צייטונגען געצוואונגען איבערצודרוקען דיעזע פערליימדונג?

„וואָס פאר גערעכטיגקייט פאָדערט אז א אידישער סאָלדאט וועלכער איז עטליכע מאָהל פערוואונדעט געוואָרען זאָל אין 24 שטונדען אויסגעוויזען ווערען פון שטאָדט ווען ער זוכט צו געפינען א פּלאַטץ אין רוסלאַנד זיך צו ערהאָלען פון זיינע וואונדען?

„אין נאָמען פון וועלכער מענשליכקייט איז עס פערבאָטען צו געבען שפּייז די אידישע פליכטלינגע, וועלכע זיינען איינגעשפּארט ווי ווילדע חיות אין די פראכט וואַגאָנען? אין נאָמען פון וואָס פאר א ברידערליכקייט ווערט איין טהייל פון אונזער ארמעע געהעצט געגען זייערע אידישע קאמעראדען, וועלכע שטעהען זייט ביי זייט מיט זי אין די טרענטשעס?

„מיר בעשולדיגען די דייטשען אין איבערטרעטען די געזעצע פון קריעג, אין נוצען פערגיפטעטע גאזען און אין פערקריפּלען זייערע געפאַנגענע. אזעלכע זאכען פערדינען אז מען זאָל געגען זיי פּראָ־טעסטירען. זאָלען אזעלכע זאכען זיין א פלעק אויף די הערשענדע קלאַסען פון דייטשלאַנד. אָבער מיינע הערען, אין נאָמען פון וועלכע געזעצע גיבט מען בעפעהלע צו דער רוסישער ארמעע צו

טרייבען פריעדליכע אידען אין פראָנט פון טרופען און אויסזעצען זיי צום פייער פון שונא?

„אין נאָמען פון וועלכע געזעצע ווערען רוסיש־אידישע אונטער־טהאנען גענומען אלס משכנות, ארייגעוואָרפען אין געפענגנים, געפייניגט און געשאָסען?

„מיר האָבען פערדאמט די דייטשען פאר פערניכטען לאָווען און דעם קאטהעדראל פון רהיימס, אָבער איך פרעג אייך, אין נאָמען פון וועלכע עטהישע אָדער עסטהעטישע פרינציפען שענדעט מען פרויען וועלכע זוכען שוץ אין אידישע סינאגאָגען.

באראָן ראָזען, דער געוועזענער רוסישער אמבאסאדאָר אין די יונייטעד סטייטס, האָט אויך אויסגעשפראָכען א פראָטעסט געגען דער רעגירונגס אנטיסעמיטישע פאָליטיק, אין א רעדע פער דער גאָסודאר־סטווענני סאָוועט, דעם 22־טען אויגוסט, 1915.

# רעזאלוציאנען פון די קאנסטיטוציאנעלע דעמאקראטען.

די גרעסטע פאָליטישע פארטיי אין רוסלאנד, די קאָנסטיטוציאָ־נעלע דעמאָקראטישע, האָט ביי איהר נאציאָנאלע קאָנווענשאָן אין פעטראָגראד, פון 19טען ביז 21טען יוני 1915, אָנגענומען די פאָל־גענדע רעזאָלוציאָן:

„דער פאטריאָטיזם און די איבערגעבענהייט, וואָס די אידען האָבען ארויסגעוויזען אין דער שטונדע פון רוסלאנד'ס גרויסע גע־פאהר, האָט אויף דעם מאָמענט אויסגעוויזען צו ברעכען די טיף־איינגעוואָרצעלטע שנאה פון דער רעגירונג צו זיי, און האָט גע־שיינט אז דער וועג ווערט פאָרבערייטעט פאר די זעלבע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פאר די אידען אין רוסלאנד, וועלכע זיי האָבען אין אנדערע לענדער. דאָס וואָלט אָבער געווען אוועקגערויבט פון אונזער רעאקציאָן זייער אלטע, גוט־געפּרופטע וואפע פון שווארץ־מאה'איזם—אנטיסעמיטיזם, און מיר זעהען, אז אונטער דעם די־רעקטען איינפלוס פון דיזע אידען־פערפאָלגער האָט די רעגירונג פון אָנפאנג אָנגענומען מאסרעגלען אויפצוהעצען די ארמעע און

דאס פאָלק געגען די אידען. מען האָט זיך בעדיענט מיט דיעזען צוועק מיט אלע פרעטענציעס וואָס א מלחמה קען געבען. איינצעלנע פעלע פון שפּיאָנעריי, אזעלכע ווי מען קען ערווארטען פון גרענעץ בעפעל־קערונג איבעראל און ביי אלע נאציאָנען, האָט מען אנגעגריפען אלס א באזיס פאר אלגעמיינע בעשולדיגונגען געגען דעם אידישען פאָלק און מיט דיעזע אלס באזיס האָט מען אויסגעטראכט פערשיעדענע אונגלויבליכע און אונמעגליכע געשיכטען וועלכע מען האָט צירקו־לירט מיט דעם איינציגען צוועק די אידען צו שאדען. די אידען אלס א רבים האט מען געהאלטען פעראנטוואָרטליך פאר דיא מעשים פון יחידים צווישען זיי — א זאך וואָס מוז אויפרעגען יעדען איינעם וואָס בעזיצט נאָר א פונק מענשליכקייט, א זאך וואָס קיין ציוויליזירט לאנד ערלויבט ניט מעהר, א זאך וואָס איז א זכר פון מיטעל־אלטער. עס פערשטעהט זיך אז שנאה און פערפאָלגונג קען זיין דער איינציגער רעזולטאט פון אזעלכע טאקטיקס אין א לאנד וואָס איז בעוואוינט פון פערשיעדענע ראסען.

„ניט נור אין נאָמען פון ברידערליכקייט; ניט נור אין נאָמען פון אחדות וואָס איז אזוי נויטיג וואו פערשיעדענע נאציאָנאליטעטען מוזען וואוינען אונטער איין רעגירונג; ניט נור אום צו געבען דעם שווער געפּלאגטען אידישען פאָלק א פונק האָפנונג פאר דער צוקונפט און צו ערוועקען אין זיי דאָס צוטרויען צו דעם פּראָגרעס פאר וועלכען זיי קעמפּפען אזוי געטריי, זאָנדערן פאר דער פערווירקליכונג פון דעם רוסישען אידעאל — די ערהעבונג פון אונזער בעליבטען פאָטערלאנד צום שטאנד פון אמת פּאָרגעשריטענע אימפּעריע — מוזען מיר מיט פעראייניגטע קרעפטע זיך שטעלען געגען די פיהרער פון רעאקציאָן. אונזערע געגנער האָפען צו בענוצען אפילו נאָך דער מלחמה די פערגיפטעטע וואפען פון פּרימיטיווען ראסען האס מיט וועלכען זיי האבען זיך ביז יעצט בענוצט. עס איז אונזער אויפגאבע צו איבערצייגען די מאסען פון אונזער פאָלק דאָס מען רייצט זיי אויף געגען די אידען כדי זיי זאָלען ניט זעהן זייערע אייגענע אינטערעסען. מיר מוזען ווייטער, אזוי ווי פריהער, פאָרט־וועהרענד אויפצייגען דאָס עס איז דאָ נור איין וועג צו א בעסערע און ליכטיגערע צוקונפט פאר רוסלאנד, און דאָס איז דער זעלבער וועג אויף וועלכען דיא גאנצע ציוויליזירטע וועלט איז געגאנגען,

און דאס אויף דיעזען וועג איז דאָ נור איין לייזונג פאר דער אידען פראגע — א לייזונג וועלכע די עלעמענטארסטע פרינציפען פון ציוויליזאציאָן פאָרדערען, און דאָס איז צו געבען יעדען אידען בעזונדערע פולע בירגערליכע רעכטע, און צו די אידען אלס א פאָלק דאָס רעכט צו פרייע ראסען און קולטורעלע ענטוויקלונג.״

א רירענדער אינצידענט איז פאָרגעקומען ביי דער דעבאטע איבער דיעזע רעזאָלוציאָן, איינער פון די פיהרער פון דער פארטיי, מאַקלאַקאָוו, א ברודער פון דעם געוועזענעם אינערן מיניסטער, האָט דערלאנגט אן אפיעל, פערמילדערענדיג דיא זאגענאנטע אידיע פערראטהען.

„דיא אידען האבען געליטען פון אזעלכע גרויזאמע פערפאָלגונגען אין רוסלאנד — האָט ער געזאָגט — דאָס מען קען זיי מוחל זיין, אפילו ווען דיעזע שפיאָנען געשיכטען זאלען זיין אמת״.

„מיר שטויסען צוריק דיעזע רעכט צו געמיינהייט — האט אויס־געשריען דער געוועזענער אידישער דעפוטאט ווינאָווער — אונזער לאָיאליטעט איז נישט צום פערקויף. מיר זיינען דא נישט קיין נייע אויפגעקומענע. אונזערע עלטערען האָבען דאָ געוואוינט זייט הונדערטע יאהרען. מיר זיינען פאטריאָטען, ווייל מיר פיהלען זיך צוגעבונדען צו רוסלאנד. מיר גלויבען אין רוסלאנד זאָגאר מעהר וויא איהר גלויבט.״

## פראָטעסטען פון בעאמטע, שטעדט, א.ז.וו.

פערשיעדענע מונציפאליטעטען ארויס פון דער טשערטא האָבען געבעטען דער רעגירונג צו געבען דיא אידען גלייכע רעכטע.

דער שטאָדט־ראטה פון סמאָלענסק האָט דעם 19טען דעצעמבער 1914, מיט בלויז צוויי נעגען־שטימען, אנגענומען א רעזאָלוציאָן בעטענדיג דער רעגירונג אָפצושאפען אלע אויסנאהמס־געזעצע געגען די אידען, הויפטזעכליך, אָפצושאפען די טשערטא. ביי דיעזע זיצונג האט דער טשלען פון דער שטאָדטישער דומא פ. וו. מיכאילאָוו געזאָגט:

„מיר רעדען דאָ ניט נאָר פון דיא דאָזיגע פאמיליען פון אידישע סאָלדאטען וואָס זיינען ביים פראָנט, פון פאמיליען וואָס אנטלויפען פון דער פערוויסטעטער פוילען, זאָנדערן אויך פון די סאָלדאטען אליין, וועלכע ווערען אונפעהיג צו ווייטערע דיענסט דורך זייערע וואונדען, נאכדעם וויא זיי האבען העלדיש געדינט אין אונזערע רייהען. אזוי, צום

ביישפיעל, א אידישער סאָלדאט, וועלכער איז פערוואונדעט געוואָרען אין האנד און ברוסט, און האָט עלטערן אין דיעזע שטאָדט, האט מיט דער גרעסטער שוועריגקייט געקראָגען ערלויבנים צו פערבלייבען דריי מאָנאט. צו ענדע פון דיעזען טערמין מוז ער זיך אומקעהרען צוריק אין דער טשערטא און דארט לעבען אָהן מיטלען און אָהן מעדיצינישע הילפע, אָבוואָהל ער ווערט יעצט בעדראָהעט פון שווינדזוכט... דאָס איז בלויז איין פאָל אין טויזענדע, וואָס בעווייזען אונז די שרעקליכקייטען פון דעם צושטאנד; אין וועלכען אידישע סאָלדאטען און זייערע פאמיליען געפינען זיך דורך דעם וואס מען בערויבט זיי אין בירגער רעכט. די דאָזיגע פאמיליען, וואס זייערע מיטגליעדער פערגיעסען זייער בלוט פיר רוסלאנד, זיינען רואינירט דורך דער ארייננדרינגונג פון דעם שונא. זיי קומען אהער זוכען שוץ פון הונגער און טויט, פון חורבן און פערגוואלדיגונג. מיר מוזען געדענקען, דאס כמעט א האלבער מיליאָן אידען קעמפפען זייט ביי זייט מיט אונזערע בראווע קריעגער געגען דעם אלגעמיינעם שונא. און וואס אנבעלאנגט די ציווילנע אידען, האָבען זיי נישט ווענינער פאטריאָטיזם און בעגייסטערונג וויא די אנדערע איינוואוינער... זיין מאיעסטעט דער צאַר, דורכפאָרענדיג דורך לובלין, גראָדנאָ און טיפליס, האט בעריכטעט פאר ווירדיג אויסצודריקען זיין דאנק צו די אידען פאר זייער טרייהייט צו אונזער אלגעמיינע פאטערלאנד. דער שלום דערפון איז קלאהר: עס איז נישטאָ קיין שום ערענסטע אורזאכע אנצוהאלטען לענגער די דאזיגע אויסנאהמס געזעצע, וואס זיינען אזוי נוצלאָז, אזוי שעדליך און אזוי גרויזאם... אבער די יודענפראגע איז ניט בלויז א פראגע פון אבסטראקטע גערעכטיגקייט. די עקאָנאָמישע און מאראלישע ענטוויקלונג פון אונזער שטאָדטישען לעבען ווערט געפעהרליך געשטערט דורך די בעשרענקונגען וואָס ווערען ארויפגעלעגט אויף איין טהייל פון דער בעפעלקערונג..." *)

אין אויגוסט 1914, האט א פערזאמלונג פון דער מוניציפאליטעט זעמסטוואָ, בירזע און אוניווערזיטעט בעאמטע און קויפלייטע אין אדעס, בעשלאָסען, אז דאס לאנד וואלט פראָפיטירען דורך אבשאפען אלע אונטערדריקונגס געזעצע און עפענען אלע בילדונס אנשטאלטען

*) „נאָווי וואָסכאָד", דעצ. 30, 1914 (יאנ. 12, 1915), זייטען 24-22.

פאר אלע בירגער. **)

אין אויגוסט 1914, האט די מאָסקווער קאנפערענץ פון גאָלאָוואס (סיטי מעיאָרס) אויף שטארק פערדאמט דיא גירושים־פּאָליטיק פון מאנכע גובערנאטאָרען און האט בעשלאָסען צו בענוצען איהר איינפלוס צו פערלייכטערען דיא לאגע פון דיא אידען. ***)

אזוי האָט אויך דער קאָנגרעס פון דעלעגאטען פון שטעדט אין מעריב סיביר אפעלירט פיר דער אָבשאפונג פון אלע אויסנאהמס־געזעצע געגען אידען. ****)

אין פערלויף פון דיא לעצטע עטליכע מאנאט האָבען דיא שטאָדט־רעגירונגען פון סאמארא, סאראטאוו, יעקאטערינאסלאוו און אנדערע וויכטיגע צענטערס; די סיבירישע מוניציפּאלע קאָנפערענץ, און דיא קאָנפערענץ פון צוואנציג זעמסטוואָס אין יאראָסלאוו — אלע האבען אפעלירט צו דער רעגירונג און צו דער דומא אָבצושאפען דיא אויס־נאהמס־געזעצע, וואָס בעריהרען דיא אידען אין רוסלאנד.

## פּראָטעסטען פון האנדעלס און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציאנען.

דער מיליטעריש־אינדוסטריעלער קאָמיטעט, ארגאניזירט אין מאנאט מאי 1915, מיט דעם צוועק צו שטעלען דיא עקאָנאָמישע כחות פון דעם לאַנד אויף א מלחמה באזיס, האט זיך פערזאמעלט דעם 25 טען אויגוסט 1915, און האט עפענטליך פערדאמט דיא אונפעהיגקייט פון דער רעגירונג. אין זיין עפענונגס־רעדע האט דער פּאָרזיצענדער, פּ. פּ. ריאַבושינסקי, בעדויערט דיא פערשפּעטיגונג פון דער רעגירונג אין ווענדען זיך צו די סאָציאלע כחות פון דעם לאנד.

דיעזע פיהרערשאפט פון דעם לאנד איז אונטערנומען געווארען דורך פּערזאָנען וואס זיינען אונפעהיג צו זיין פיהרער — האט ריא־בושינסקי געזאָגט — און עס איז יעצט קלאָהר פאר יעדען, אז א נייע פּערזאָנאל איז נויטהיג אין דער רעגירונג גופא... מיר האבען בעאָבאכ־טעט דעם אָנגאנג פון דער רעגירונגס אבטהיילונגען פון סאמע אָנפאנג

---

**) „נאָווי וואסכאָד", סעפּ. 4, (17), 1914, זייטע 15.

***) „נאָווי וואסכאָד", אויג. 14 (27), 1914, זייטען 25־24.

****) „נאָווי וואסכאָד", אפּריל 24, (מאי 7), 1915, זייטע 30.

פון דער מלחמה, און מיר זיינען געקומען צום שלום, דאס דיעזע אבטהיילונגען זיינען ניט אימשטאנד זיך צו רעכענען מיט דעם צושטאנד. דער סופלאי פון קריעגס מאטעריאל איז אינגאנצען אונ־ארגאניזירט, וויא דיא ארמעע ווייס גאנץ גוט... דיא רעגירונג וועט פון יעצט אן אונז איבערגעבען מעהר און מעהר פון איהרע פונקציאנען. אבער וואס לענגער דאס ווערט אפגעהאלטען. אלץ וועניגער נוצען וועלען ארויסקומען... דיעזע ארבייט קען נישט געטהאן ווערען דורך א שלעכט ארגאניזירטער רעגירונג.

...דער שטאאט איז א ריזיגע געשעפטס־אונטערנעמונג, וואס אלע זיינע טהיילען מוזען ארבייטען הארמאניש. דיא מלחמה האט זיך יעצט געענדערט פון א קאמפף פון ווילען און גייסט צו א קאמפף פון מאשינ־ערי. דערפאר מוזען דיא פערזאנען וואס ווערען אנפערטרויט, זיין בעקאנט מיט דעם לאנד... עס קען נישט געלייקענט ווערען, דאס רוס־לאנד שטעהט ביים יעצטיגען מאמענט פאר א גרויסע געפאהר, און מיר האבען מורא, דאס דיא צייט וועט קומען, ווען אונזער מוטה וועט זינקען ... (צענזורירט). אונזער ארמעע ליידעט העלדיש... (צענזורירט). מיר ווייסען, דאס נאך א קורצע צייט, ווען די מלחמה געהט אן אין דעמזעלבען שלעכטען פאסאן וויא יעצט, וועט די רעגירונג זיין בעריים אונז נאכצוקומען האלב־וועג, אבער מיר ווייסען אויך פון ערפאהרונג, דאס דאמאלס וועט שוין זיין צו שפעט, און אפילו דער בעסטער מאן וואס וועט גערופען ווערען פון דער רעגירונג, וועט שוין נישט קענען עפעס אויפטהאן."

דיעזע רעדע איז אויפגענומען געווארען מיט א דונערענדען אפלויז. נאך א רעדנער, פראפעסאר ע. ל. זובאשאוו, רעדענדיג וועגען די אידען, האט ערקלעהרט דאס:

„די קינדער פון אידישען פאלק קעמפפען זייט ביי זייט מיט די רוסען פאר זייער לאנד. ליידער איז אונזער לאנד ביז יעצט געוועזן צו די אידען ניט מעהר ווי א שטיעף־מוטער. לאמיר האפען אז פון יעצט אן וועט זי זיין אן אמת'ע מאמע צו זיי." ער האט דאן פאר־געשלאגען א רעזאלוציאן אז אידען זאלען בעפרייט ווערען פון אלע בעשרענקונגס געזעצע און זאלען קריגען גלייכע רעכטע מיט די איבריגע אונטערטהאנען פון רוסלאנד.

דיעזער פארשלאג איז אויפגענומען געווארען מיט א דונערענדע

אפלויז און די רעזאָלוציאָן איז איינשטימיג אנגענומען געוואָרען.*)

אויף א פערזאמלונג פון דעם פרייען עקאָנאָמישען פעראיין — דיא פאָרנעהמסטע עקאָנאָמישע אָרגאניזאציאָן אין רוסלאַנד — דעם 16טען יאנואר 1915, איז דיא פאָלגענדע רעזאָלוציאָן אנגענומען געוואָרען איינשטימיג:

די קאָמיסיאָן... האָט גענומען אין אנבעטראַכט דיא אויסער־געוועהנליך שווערע לאגע, אין וועלכע דיא אידישע בעפעלקערונג געפינט זיך, צוליעב דיא וואוינונגס־בעשרענקונגען צו וועלכע זיי זיינען אונטערוואָרפען.

„וועהרענד זיי ליידען דיא אלע מלחמה טראָרען צוזאמען מיט דער איבריגער בעפעלקערונג, ליידעט נאָך די אידישע בעפעלקערונג וועלכע אז הויפטזעכליך א שטאָדטישע, פון דער אלגעמיינע דיס־אָרגאניזאציאָן פון דיא עקאָנאָמישע פערבינדונגען ניט נאָר אין דעם ראַיאָן פון דיא מיליטערישע טהעטיגקייטען, זאנדערן א סך ווייטער.

„אונטער דיעזע אומשטענדען וואלט עס געווען א גרויסע הילפע פיר דער ליידענדער בעפעלקערונג. ווען עס זאָלען אנגענומען ווערען מיטלען וואס זאלען פאר זיי מאכען לייכטער זיך צו בעוועגען און זוכען ארבייט. אין אנבעטראַכט נעהמענדיג דיא גרויס פון אונזער לאנד און דיא אונבעשרענקטע עקאָנאָמישע קרעפטע פון איהרע געגענדען, בעזאָנדערס דיא געגענדען אין טיעף רוסלאנד, וואָס זיינען כמעט נישט בעריהרט געוואָרען פון דיא צרות פון דער מלחמה. עס זיינען דאָ געגענדען אין טיעף רוסלאַנד, וואו דיא עקאָנאָמישע צושטענדע האבען זיך עטוואס פערבעסערט, ווייל זיי האָבען אויפגענומען פיעלע פון דיאינדוסטריען וואָס זיינען אויפ־געגעבען געוואָרען אין פוילען, און ווייל דער קאמיסאר דעפּארטמענט האט דארט געמאכט גרוסע בעשטעלונגען.

„צו דער זעלבער צייט ווערט דיא אידישע בעפעלקערונג אפילו ביי דיעזער אויסערגעוועהנליכער צייט פערשפּארט אין די שטעדט פון פוילען און די מערב פראָווינצען, דורך דער קראַפט פון דיא עקזיסטירענדע געזעצליכע בעשרענקונגען, וואס פערמעהרט נאָך

*) „רעשט", יולי 28 (אויג. 10), 1915; „בירזשעוויא וויעדאָמאָסטי" אויג. 26 (סעפּ. 8), 1915.

פאַר זיי דיא צרות פון דער מלחמה. אין פריעדענס צייט זיינען
דיעזע בעשרענקונגען, וועלכע זיינען עקאָנאָמיש שעדליך און
מאראליש פערדערבליך, אנערקענט אלס אן איבערבלייבונג פון
באַרבאַריזם, וואָס מוז אָפּגעשאַפט ווערען; עס איז אבער נאָך
שווערער זיי צו דולדען ביי דער יעצטיגער צייט. ווען הונדערטע און
טויזענטע אידען דיענען אונטער די רוסישע פאָהנען אויפ'ן שלאכט־
פעלד.

„אין אנבעטראכט נעהמענדיג דיעזע פאקטען, האט דיא
קאָמיסיאָן בעשלאָסען צו בעטען דעם ראַטה פון דעם פרייען
עקאָנאָמישען פעראיין זיך צו שטעלען אין פערבינדונג מיט דער
רעגירונג און מיט דיא מיטגליעדער פון דיעזען פעראיין וואס זיינען
מיטגליעדער פון די געזעצגעבונגס קערפערשאפטען:—

„גלייך אפצוהאלטען די פונקציאָנען פון אלע בעשרענקונגס
געזעצע בנוגע צו די וואוינרעכט פון אידען און

„זיי אָבצושאפען, באלד און אויף אימער, דורך געזעצמאכענדע
האנדלונג.„ *)

פיעל אנדערע קאָמערציעלע און טעכנישע געזעלשאפטען האבען
אנגענומען רעזאָלוציאָנען, ערקלעהרענדיג דאָס דיא הויפט אורזאכע
פון רוסלאנד'ס עקאָנאָמישע הינטערשטעלונג ליעגט אין די אויס־
נאהם געזעצע געגען אידען, און דאס דער איינציגער מיטעל צו
בעקעמפּפען דיא דייטשע אויבערהערשאפט איבער דער רוסישער
אינדוסטריע און האנדעל איז דורך אָבשאפען דיעזע בעשריינקונגען.
צווישען דיעזע ארגאניזאציאָנען זיינען דיא נאציאָנאלע תבואה, געהילץ,
פוטער און גאָלד האנדלען; די האנדעלס קאמערען פון פעטראָגראד,
מאסקוא און די גרעסטע שטעדט אין רוסלאנד און אין סיביר, דער
נאציאָנאלער קאָנגרעס פון בערזען, דיא רוסיש־אמעריקאנישע האנדעלס
קאַמער, און נאָך. כמעט יעדער נאציאָנאלער צוזאמענפאָהר פון יעדע
אינדוסטריע האט אפעלירט צו דער רעגירונג צו בעפרייען דיא עקאָנאָ־
מישע טאלאנטען פון דיא אידען דורך אראָפּנעהמען פון זיי אלע געזעצ־
ליכע בעשרענקונגען.

*) „ראַזסוויעט", יאנ. 25 (פעב. 7), 1915.

# פראָטעסטען פון רוסישע שרייבער און פובליציסטען

פונקט ווי די קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע עלעמענטען פון רוסלאנד האָבען געפאָדערט גלייכבערעכטיגונג פאר אידען אויף עקאָנאָמישע גרינדע, אזוי האָבען די אינטעלעקטועלע עלעמענטען דאס זעלבע געפאָדערט אויף הומאניטארישע גרינדע.

דער גרויסער מאניפעסט וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען ביים אָנפאנג פון דער מלחמה, אונטערצייכענט פון 225 פון די גרעסטע פובליציסטען און שריפטשטעלער אין רוסלאנד, ערקלערט:

„רוסלאנד, אין איהר יעצטיגע גרויסע מלחמה, ציהט אָפּ אלע אלע איהרע פיזישע און אינטעלעקטועלע קרעפטע אויף אַן אויסער־געוועהנליכען גראד. אלע פעלקער פון רוסלאנד נעהמען אנטהייל אין דעם קאמפף און טהיילען זיך גלייך מיט אלע ארבייט. מיר גלויבען, אז דאָס בלוט וואָס די קעמפפער וועלען האָבען פערגאָסען, וועט נישט זיין אומזיסט. מיר גלויבען, דאָס נאָכ'ן אריבערטראָגען אלע שרעקען פון מלחמה, וועט די בעפעלקערונג זיך אומקעהרען מיט מעהר ענערגיע צו דער ארבייט פון בויען א בעסערע און ליכטיגערע צוקונפט. מיר גלויבען און מיר האָפען, דאָס די פערבינדונגען צווישען די פערשיעדענע פעלקער וואָס בעוואוינען רוסלאנד, וועלען אין דער צוקונפט געבויט ווערען אויף דעם אייביגען פונדאמענט פון חכמה און יושר.

„אָבער ביי דיעזען מאָמענט, וואָס איז אזוי וויכטיג אין היסטאָריע, זעהען מיר מיט שמערץ און טרויער, דאָס צו די ליידען פון איינע פון די נאציאָנאליטעטען וואָס בעוואוינען רוסלאנד, ווערען צוגעגעבען נייע צרות און נייע קוועלונגען. די בעשריינקונג פון דעם רעכט צו בילדונג ווערט יעצט געפיהלט מיט בעזאָנדערען שמערץ פון דער אידישער יוגענד. אזוי ווי די מערב גרענעצען זיינען געשלאָסען, איז די געוועהנליכע אויסוואנדערונג צו די אויסלענדישע שולען אָפּגעהאלטען, וועהרענד אין רוסלאנד גופא ווערען געהאלטען אין קראפט די פראָצענטען־בעשרענקונגען געגען אידען אין די שולען. די אידען פון די צערשטערטע שטעדט האָבען קיין רעכט צו פערלאָ־

זען די טשערטא. די פערוועהטאָגטע אידישע נאַציאָן וואָס האָט געגעבען דער וועלט אזעלכע אונשעצבארע בייטרעגע אין רעליגיאָן, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע; וואָס האָט זיך אימער געטהיילט מיט די יסורים און נסיונות פון דעם רוסישען לעבען; וואָס האָט אזוי אָפט געליטען דורך פאָראורטהייל און בעליידיגונג; וואָס האָט מעהר ווי איינמאָל איבערצייגט וועגען איהר ליעבע צו רוסלאנד און איהר איבערגעבענהייט צו דער רוסישער זאך, שטעהט יעצט ווידער ארויס־געשטעלט פאר בלבולים און רדיפות.

„די רוסישע אידען, וועלכע ארבייטען מיט אונז אין אלע ספערען פון ארבייט און טהעטיגקייט, וואָס זיינען נאָר פאר זיי אָפען, האָבען אונז געגעבען אזוי פיעל איבערצייגענדע בעווייזע וועגען זייער ערענסטען וואונש צו זיין מיט אונז, צו דיענען אונזער זאך.. דאס די בעשרענקונג פון זייערע בירגער רעכט איז ניט נאָר א הימעלשרייענדע אונרעכט, זאָנדערן זי ווירקט אויך שעדליך אויף די סאמע אינטערעסען פון דעם שטאאט. די רוסישע אימ. קען און מוז ציהען איהר קראפט פון דער פאָלקאָמענער פעראייניגונג פון אלע נאציאָנאליטעטען וואָס בעוואוינען רוסלאנד, און נאָר דורך אוועק־שטעלען אלע בירגער אויף א גלייכען באָדען וועט רוסלאנד'ס מאכט ווערען אונצערשטערבאר.

„רוסען, לאָמיר געדענקען דאָס דער רוסישער איד האָט קיין אנדער לאנד ווי רוסלאנד; דאָס קיין זאך איז טהייערער ביי א מענשען, ווי דער באָדען אויף וועלכען ער איז געבאָרען. לאָמיר פערשטעהן, אז דאָס גליק און די מאכט פון רוסלאנד זיינען אונשייד־באר פון דעם וואָהלזיין און פרייהייט פון אלע נאַציאָנאַליטעטען וואָס שטעלען צוזאמען איהר גרויסע אימפעריע. לאָמיר פערשטעהן דיעזע וואָרהייט, האנדלען נאָך אונזער אינטעליגענץ און אונזער געוויסען, און מיר וועלען קענען זיין זיכער וועגען דעם ענדליכען פערשווינדען פון פערפאָלגונגען געגען די אידען, און זייער פאָלקאָמ־ענע בעפרייאונג וועט פאָרמירען איינע פון די קאָנדיציאָנען פון אן אמת קאָנסטרוקטיווען רעזשים.“

# עסטרייך אונגארען

דער סך־הכל פון דער אידישער בעפעלקערונג פון עסטרייך־אונ־גארען איז ארום 2,250,00 פון וועלכע ביינאהע אַ מיליאָן זיינען ביים אנפאנג פון דער מלחמה געווען אין דער גרענעץ־פּראָווינץ גאליציען, אין דעם באַלדיגען שטח פון דעם שלאכט־ראַיאָן.

דאָ, פונקט וויא איבעראל, האבען דיא אידען ארויסגעוויזען זייער גרויסע איבערגעבענהייט דורך אנשליסען זיך אָן דער ארמעע אפילו ווען נאָרמאַל זיינען זיי געווען פריי פון דיענסט, ווי אין דעם פאל פון דיא שילער פון דעם בודאפעסטער ראבינער סעמינאַריום, פיעלע פון וועלכע האבען פרייוויליג זיך אנגעגעבען פאר סאָלדאטען, אָבוואָהל זיי זיינען געזעצליך פריי פון מיליטער דיענסט. דיא רעגירונג האט אַנערקענט דיעזע טרייהייט אויף פיעלע אופנים, הויפּטזעכליך, אין געבען ספּעצי־עלע פריווילעגיען אין בעצוג אָפּצוהיטען דיא אידישע רעליגיאָן. אזוי האָט דער קאַיזער, אין זיין אייגענעם נאָמען, געשיקט 20,000 טליתים פאר דיא סאָלדאטען אין פעלד אין צייט פון דיא ימים טובים. ווען מען האט ענטדעקט אום פסח, דאָס דיא מצות פיר דיא אידישע סאָלדאטען זיינען נישט ריכטיג פארבערייטעט געוואָרען. האָט דיא רעגירונג, אויף דעם פערלאנג פון דעם אָבערראבינער פון וויען, אויטאָריזירט מען זאָל אויסטהיילען אַ מאַסע קארטאָפעל פאר דיא אָרטאָדאָקסישע אידען.

הונדערטע אידישע סאָלדאטען זיינען בעלוינט געוואָרען מיט מעדאלען אויפ׳ן שלאכטפעלד, און פיעלע זיינען ערהויבען געווארען צו אָפיציערען־עמטער.

# גאַליציען

עס איז געווען דער מיליאָן אידען פון גאליציען, אויף וועלכע עס איז געפאלען דיא פולע לאַסט פון דער מלחמה. אבוואהל זייער עקאָנאָ־מישער צושטאנד איז בעפאָר דיא מלחמה געווען פיעל ניעדריגער וויא פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג, איז אבער זייער פּאָליטישער צושטאנד געווען מיט אלעמען גלייך. אבער דיא רוסישע ארייגדרינגונג אין גאליציען, אין סעפּטעמבער 1914, האט איבער־נאכט געענדערט זייער צושטאנד.

דער רוסישער גענעראַל־גובערנאַטאָר, גראַף באָברינסקי, א בעוואוסטער אנטיסעמיט, האט געפונען דעם פּאָליטישען שטאַנד פון דיא אידען אין גאַליציען העכסט אבשייליך פאר איהם. ער האט זיי גלייך גענומען ערנידערען צום שטאַנד פון דיא רוסישע אידען, און אויב מעגליך, נאָך ניעדעריגער. ער האָט פאָרגעשלאָגען צו זיין היימישער רעגירונג, דאס אלע אידישע גרונד־בעזיצונגען אין גאַליציען זאָלען קאָנפיסקירט ווערען און מען זאָל פערבאָטען דיא אידען צו בעזיצען, קויפען אדער דינגען לאַנד; און דיעזעס, האט ער ערקלעהרט, איז א באַלדיגע נויטווענדיגקייט, וואס מען מוז תיכף ומיד אויספיהרען. נאָך אפילו איידער רוסלאַנד אַנאָנסירט דיא פאָרמאַלע אַנעקסירונג פון גאַליציען!

דעם 13טען פעברואר 1915, האָט דער גרויספירסט ניקאָלאַי ארויסגעגעבען אַן אוקאַז, ערקלעהרענדיג דאָס „אין אָנבעטראַכט נעהמענדיג דיא פערמעהרונג פון שפּיאָנעריי מצד דיא אידען, פּראָק־לאמירט ער דאָס:

1.— קיין פערזאָן פון אידישער נאַציאָנאַליטעט קען אריינקומען אין גאַליציען.

2.— קיין פערזאָן פון אידישער נאַציאָנאַליטעט מעג דורכגעהן פון איין געגענד אין גאַליציען צו א צווייטע.

3.— פערברעכענס געגען דיעזע פּראָקלאמאציאָן זאלען בעשטראָפט ווערען מיט דריי טויזענד רובעל (1,500), אָדער דריי מאָנאַט געפענ־גנים.*)

דער גייסט פון דיעזע דאָקומענטען, וואס איז איבערגעגעבען געווארען צו די סאָלדאַטען, האָט פּראָדוצירט א סעריע פון רציחות געגען דער אידישער בעפעלקערונג נאָך שרעקליכער אפילו ווי אירגענד וועלכע וואס זיינען ווען בעגאַנגען געווארען אין רוסלאַנד. אין יעדע שטאָדט, וואו די רוסישע סאָלדאטען זיינען נאָר אנגעקומען, האָבען זיי די ערשטע זאך אפגעזוכט דעם אידישען קווארטאַל און האבען זיך דאָרט צולאָזען אין א טייפעל־שפּיעל פון פּלינדערונג, רויב און פרויען־שענדונג.

---

*) „פריקארפאטסקאיא רוס".

אין דעם שטעדטעל באַהראדטשאַן איז אין יאנואר 1915 ערשיענען אַן אבטהיילונג פון עסטרייכיש־פּוילישע סאַלדאטען. זיי האָבען געפּאַר־דערט שפּייז און קווארטירען, און מען האט עס זיי, נאטירליך געגעבען נאָך א קורצע אויפהאלטונג זיינען זיי אוועק. דיא טהאט פון דיא אידען איז אבער געמעלדעט געווארען צום רוסישען קאָמאנדיר אין סטאניסלוי. ער האט גלייך געשיקט א שטראָף־עקספּעדיציאָן פון פיער הונדערט קאזאקען צום שטעדטעל. זי האָבען דאָס שטעדטעל אונטערגעצונדען, ארויסגעטריעבען אלע אידישע פרויען און מיידלאך פון זייערע בעהאל־טעניסען, זיי פערזאמעלט אויפ'ן פּלאַשטשאַד (סקווער) און דארט געמאכט א טייפעל־שפּיעל אונטערן אפענעם הימעל. ווען זייער בעסטיאלישער תאוה איז שוין געווען געזעטיגט, האבען זיי געטריעבען זייערע אָפּפער אונטערן קנאַק פון דיא נאַגייקעס, האלב נאַקעטע און אויסגעהונגערטע, אויף דעם וועג נאָך סטאַניסלוי. איין פרוי, וועלכע איז בלויז מיט עטליכע טעג פריהער אויפגעשטאנען פון קינד־בעט, איז אויפען וועג געשטאָרבען. איינער פון דיזע דאָקטוירים פון סטאַניסלוי, דר. ב., זאָגט עדות, אז ער ליין האט בעהאנדעלט צעהן פעלע פון פרויען און מיידלאך, וואס זיינען געשענדעט געווארען. *)

אין שטשערזעץ, גאליציען, האבען דיא רוסישע סאלדאָטען גע־כאפּט איינעם יעקב מישעל, א מיטגליעד פון דעם שטאָדט־ראַטה, האבען איהם בעגאָסען מיט אויל און איהם פערברענט לעבעדיגערהייד**)

אין דעמביצא זיינען דיא קאזאקען אנגעפאלען אויף א שוהל, וואוהין די אידען זיינען אנטלאָפען זוכען שוטץ און בעטען גאָט. דיא קאָזאקען האָבען בערויבט און איינגעשלאָסען דיא מענער, און דיא פרויען האבען זיי געשענדעט. די יעניגע וואָס זיינען ארויסגעשפּרונגען געווארן דורך דיא פענסטער זיינען אונטען גאכאַפּט געווארען פון די וועכטער, און מענער און פרויען זיינען פערשמיעסען געווארען צום טויט. דאן האָבען די קאזאַקען אונטערגעצונדען דיא שוהל.

דיעזע זיינען טיפּישע פעלע פון גרויזאמקייטען וואס זיינען בעגאנגען געווארען געגען דער אידישער בעפעלקערונג אין גאליציען.

---

*) „יודישעס ארכיוו“, זייטע 5.
**) „יודישעס ארכיוו“, זייטע 6.

עס איז כמעט נישטא קיין שטעדטעל אין דער אריינדרינגונס־ליניע, וואס זאל זיך האבען גערעטעט דערפון. דיא אידישע בעפעלקערונג איז אנטלאָפען פאר דיא רוסישע אריינדרינגער אין גרויסע מאסען.

עס זיינען דא ארום 175,00 אידישע פליכטלינגע אין וויען; 70,000 פון דיעזע זיינען אין דער גרעסטער נויטה. עס זיינען דאָ ארום 70,000, וואס וואוינען אין דיא קאַזארמען אין בעהמען; 8,000 פון דיעזע זיינען אין פראג. עס זענען דאָ ארום 52,000 אין בודאפעסט. אלע פליכטלינגע וואס האבען זיך בעזעצט אין אונגארן, זיינען אבער אריבערגעפיהרט געווארען נאָך עסטרייך. דר. י. בלאָך פון וויען שאצט דאס דער סך־הכל פון אידישע פליכטלינגע פון גאליציען בעטרעפט ארום א האלבען מיליאָן. דיא לאגע פון דיעזע פליכטלינגע איז עטוואס בעסער וויא דיא לאגע פון דיא אידישע פליכטלינגע אין רוסלאנד, ווייל דיא רעגירונג האט זיי בעזארגט מיט פלעצער אין קאָנצענטראַציאָנס קעמפס, בעזאָרגט זיי מיט זייערע נויטהיגסטע בעדירפניסע און צאהלט יעדען פון זיי 70 העלער (14) סענט א טאָג. מיט דער שטייגונג אין די פרייזען פון שפייז, איז זייער טעגליכע געצאהלט געהעכערט געווארען אויף 90 העלער (18 סענט). זיי ווערען גוט בעהאנדעלט פון דער בעפעל־קערונג און אין פיעל פעלע בעזאָרגט מען זיי מיט עפעס ארבייט.

---

# רומעניען

די צוקונפט פון רומעניען איז פון גרויס אינטערעסע פאר דיא אידען צוליעב צוויי אורזאכען: ערשטענס ווייל די אידען פון רומעניען ווערען בערויבט אין זייערע בירגער רעכט, אין געגענזאץ פון א הייליגע פערשפרעכונג וואס רומעניען האט געגעבען דיא גרויסמעכטע ביים בערלינער קאנגרעס אין 1878; צווייטענס, ווייל עס ווער אָהן צווייפעל זיין רומעניען׳ס ציעל צוריקצוגעווינען פון עסטרייך־אונגארען געוויסע גרויסע טעריטאָריען, וויא טראַנסילוואַניען און בוקאווינא, אין וועלכע דיא מעהרצאָהל פון דער בעפעלקערונג זיינען פון רומענישער אָבשטאַ־מונג, און אויף דיעזען אופן, אויב זיא זאָל זיין ערפאָלגרייך, וועט דיא

אידישע בעפעלקערונג אונטער רומעניען׳ס הערשאפט שטייגען פון 250.000 אויף איבער א מיליאָן.

אין פערלויף פון דער יעצטיגער מלחמה האט רומעניען בעוויעזען איהר פיינדליכע שטעלונג צו אידען. טויזענדע אידישע פליכטלינגע וואס זיינען אנטלאָפען פאר דער ווילדהייט פון דער רוסישער ארמעע, וואס איז אריינגעדרונגען אין בוקאווינא, האבען געזוכט שוץ אין רומעניען. דיעזע זיינען בעהאנדעלט געווארען מיט דער גרעסטער ברוטאליטעט פון דיא רומענישע בעאמטע אין דיא גרענעץ שטעדטלאך.

ביים אנפאנג פון דעם מאנאט יולי 1915 האט דיא רעגירונג ארויסגעגעבען א בעפעהל צו דיא אדמיניסטראטיווע בעאמטע פון אלע געגענדען ביי דער עסטרייכיש־אונגארישער גרענעץ ארויסצוטרייבען דיא אידען פון דיא שטעדטלאך נעבען דער גרענעץ און זיי צו פערשיקען טיעפער אין רומעניען. דיא בעאמטע האבען גענומען דיא געלעגענהייט פון דיעזען בעפעהל און האבען געטריעבען ניט נאר די פליכטלינגע, זאָנדערן אויך הונדערטע אידישע בירגער פון רומעניען, וועלכע האָבען געוואוינט אין דיא גרענעץ־שטעדטלאך זייט דורות. דער בעפעהל פון דעם גירוש איז אויסגעפיהרט געווארען מיט דער גרעסטער גרויזאמקייט, און די אידען זיינען געווען געצוואונגען צו פערלאָזען דיא שטעדטלאך אין צייט פון אכט און פיערציג שטונדען, און אין מאנכע פעלע מיט זייער גאנצע ביסעל ארעמקייט אין צייט פון פיער און צוואנציג שטונדען. צ . אלגעמיין האט מען זי נישט ערלויבט אפילו מיטצונעהמען זייער ביסעל ארעמקייט, און אפילו אונטער דיא בעסטע אומשטענדען זיינען זיי געווען געצוואונגען איבערצולאָזען זייער פערמעגען, ווייל זיי האבען נישט געוואוסט זייער וועג און נישט זייער שיקזאל.

דיעזע האנדלונג פון דער רעגירונג האט ארויסגערופען א גרויסע געגנערשאפט אין דער פרעסע. דיא „וויטאָ רול“, דער אפיציעלער אָרגאן פון דער ליבעראלער פארטיי, וואס איז יעצט אין דער מאכט, האט בעגעגענט דיעזע אטאקען אין איהר אויסגאבע פון 12טען יולי 1915, וויא פאָלגט:

„מאנכע פון דיא צייטונגען פרעטענדירען, אז דאָס מיניסטעריום פון אינערען אנגעלעגענהייטען האט ארויסגעגעבען בעפעהלע, דאס די רומעניש־געבארענע אידען וואס זיינען עטאבלירט אין דיא שטעדט־לאך אויף דער נאָרדליכער גרענעץ פון מאָלדאוויען, זאָלען פערשיקט

ווערען אין דעם אינערן פון דעם לאנד. דיעזע נייעס איז נישט ריכטיג, דער אינערן מיניסטער ציעלט נישט אויף דיא אידען וואס זיינען עטאבלירט אין די שטעדטלאך נעבען דער גרענעץ אדער אין אירגענד אנדערען פלאץ. דער בעפעהל וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון דעם אינערן מיניסטער בעריהרט בלויז דיא פרעמדע אונטערטהאנען פון אַן אויסלענדישע מדינה, און די רומעניש־געבאָרענע אידען, וועלכע וואוינען נישט אין דיא גרענעץ־שטעדטלאך, נאר זיי פאָהרען אהין אויף געשעפט, האנדלענדיג אלס תבואה־מעקלערס. און דער צוועק פון דיעזען בעפעהל איז אפצוהאלטען אזעלכע לייטע פון בענעהן טהאטען וואס זיינען געפעהרליך פאר דיא אינטערעסען פון דער בעפעלקערונג פון דעם לאנד. דיא פריעדליכע אידישע בעפעלקערונג וואס וואוינט נעבען דער גרענעץ איז נישט דיא ציעל פון קיינע רדיפות, וויא דיא אונפעראנטוואָרטליכע צייטונגען ווילען עס האָבען.

די בוקארעסטער צייטונג „אדעווערול“ (ווארהייט), אַן אונאבהענגיגער אָרגאַן און איינע פון דיא צוויי בוקארעסטער צייטונגען וואָס סימפאטיזירען מיט אידען, האָט דארויף געענטפערט:

„אלס ענטפער אויף די אטאקען פון דער רעגירונגס אָרגאַן אויף די „אונפעראנטוואָרטליכע“ צייטונגען, זיינען מיר אימשטאַנד צו פערעפענטליכען א ליסט פון דער „פריעדליכער אידישער בעפעלקערונג“, וואס האט געליטען פון די שרעקליכסטע רדיפות פון די בעאמטע. מר קענען געבען נעמען פון רעזערוויסטען, וואס זיינען געוועזען מאָבליזירט ביים סאַמע מאָמענט, וואָס זייערע קינדער זיינען ארויסגעטריעבען געוואָרען פון זייערע היימס. עס איז מעגליך אז דער אינערן מיניסטער האט נישט געמיינט צו „ציעלען“, וויא דער אָפיציעלער אָרגאַן זאָגט, אויף אידען. אויב דער מיניסטער איז אונשולדיג וואלטען מיר וועלען וויסען וואס פאר א שטראָף ער וועט ארויפלעגען אויף זיינע בעאַמטע, וועלכע האָבען פלייסיג מיס־רעפרעזענטירט זיין בעפעהל.

„עס איז אָבער נישט מיר, וואָס זיינען אונפעראנטוואָרטליך. עס איז די רעגירונג, וואָס בעמיהט זיך צו פערפיהרען דעם פובליקום דורך צווייפעלהאפטע ערקלעהרונגען. זיא זאָגט, אז דער בעפעהל האָט נאָר געהאט צו טהאָן מיט דיא מעקלערס, וועלכע קענען בעגעהן געפעהרליכע טהאטען. מיר ווייסען אַז דאָס געזעץ בעשטראפט פער־

ברעכענס און עבירות וואָס ז י י נ ע ן בעגאַנגען געוואָרען, אָבער עס ערוואַרטעט נישט קיין פערברעכענס וואָס ו ו ע ל ע ן בעגאַנגען ווערען. דאַן ווידער, דאס געזעץ בעשטימט א שטרענגע שטראָף פאַר יעדען פערברעכען און נישט אַן אַלגעמיינע פערמיידונגס־שטראָף, אַזא וויא פערשיקונג. ווארום איז עס אז די יעניגע וואס זיינען בעגאַנגען דעם פערברעכען, זיינען נישט ארעטירט געווארען, און פריעדליכע מענשען ווערען בעשטראָפט אנשטאָט זיי?

„אפילו דיא רעגירונג אנערקענט, דאָס דיעזע פערמיידונגס־שטראָף ווערט אנגעווענדעט צום פרעמדען און צו אזעלכע אידען וואָס טהוען נאר געשעפטען און וואוינען נישט אין דיא דאָזיגע פלעצער. דאס מיינט, אַז דער פערדאַכט ליעגט גלייך אויף דעם פרעמדען און אויף דעם רומענישען איד, ווייל דער איד, אבוואהל נישט [illegible] פרעמדער, איז פון אנאַנדער גלויבען. דער פערדאכט פאַלט נאָך אויף אלע רומעניש־געבארענע אידען. אזוי זעהען מיר, דאָס אפילו אויב דעם אפיציעלען ארגאַן'ס עפענטליכע אויסטייטשונג פון דעם געזעץ זאָל זיין ריכטיג, איז עס אַלעם דער איד וואס וועט ליידען. אבער מיר קענען נישט אננעהמען דיא ערקלעהרונג. זיא איז פאַלש.

„עס איז אַן אבסאָלוטער פאַקט, דאס נישט דורכרייזענדע הענדלער נאָר מענשען וואָס זיינען אונשולדיג, אזעלכע וואָס צאהלען שטייערן אין יענע געגענדען, זיינען ארויס געטריעבען געווארען".

עס איז נוצלאָז צו שפעקולירען וועגען דעם וואס רומעניען קען טהאָן, ווען זיא זאָל פערוויקעלט ווערען אין דער מלחמה. עס איז אבער א יושר צו בעטראכטען אויב, אימפאַלס זיא ווערט נישט פערוויקעלט אין דער מלחמה, עס וועט זיין מעגליך צו ברענגען צו דער אויפמערקזאמקייט פון דיא מלחמה־מעכטע ביי א צוקונפטיגער פריעדענס קאָנפערענץ דיא פראגע פון דעם שטאַנד פון דיא אידען אין רומעניען.

דיזע זיינען אין דער ביטערער לאגע פון א פאָלק אָהן א לאַנד, זיי זיינען אונטערטהאנען פון רומעניען, צאהלען שטייערען דיעזע זיינען אין דער אונטערטהאנען פון רומעניען, צאהלען שטייערן און אונטערשטיצען דער רעגירונג. אבער אפילו דיא איינגעבאָרענע און דיא דאָזיגע וועמענס עלטערען און אור־עלטערן זיינען געוועזן איינגעבאָרענע רומענישע אונטערטהאַנען, קענען נישט ווערען קיין בירגער און דיא רעגירונג מאכט געגען זיי אויך אויסנאהמען. אין דיעזע הינזיכט קען מען רומעניען רופען „קליין רוסלאַנד.

דער צושטאנד פון רומעניען אלס א נאציאָן איז אויסערגעווערהנ־ ליך. זיא איז געמאַכט געוואָרען פאר אַן אונאַבהענגיגע לאנד דורך די אייראָפּעאישע מעכטע ביים קאָנגרעס פון בערלין, נאָך דער רוסיש־ טערקישער מלחמה פון 8—1877. אין א טראַקטאַט וואס איז דאמאָלס אונטערצייכענט געווארען פון אלע מעכטע פון אייראָפּא, זיינען דיא פאָלגענדע ארטיקלען פערשריעבען געוואָרען:

43.— דיא הויכע אָפּמאַך־פּאַרטייען אַנערקענען דיא אונאַבהענ־ גיגקייט פון רומעניען, בעגרינדעט אויף דיא קאָנדיציאָנען וואָס זיינען אויסגעזעצט אין דיא פאָלגענדע צוויי ארטיקלען.

44.— אין רומעניען זאָל דער אונטערשיעד פון רעליגיעזע גלויבענס און קאָנפעסיאָנען נישט בעהויפּטעט ווערען געגען קיין פערזאָן אלס א גרונד איהם אויסצושליעסען אדער מאכען אונפעהיג אין זאכען וואס אנבעלאנגען דאס געניסען פון בירגערליכע און פאָליטישע רעכט, אריינטריט צו עפענטליכע בעשעפטיגונגען, פונקצ־ יאָנען און עהרען, אָדער זיך אָפּגעבען מיט דיא פערשיעדענע פּראָפעס־ יאָנען און אינדוסטריען אין וועלכע געגענד עס איז.

„דיא פרייהייט און עפענטליכע אפּגעבונג אין אלע פאָרמען פון גאָטעסדיענסט זאָל זיין געזיכערט צו אלע פערזאָנען וואָס בעלאנגען צום רומענישען שטאַט, וויא אויך צו אויסלענדער, און קיין שטערונג זאָל געמאַכט ווערען צו דיא גייסטליכע ארגאניזאציאָנען פון דיא פער־ שיעדענע רעליגיאָנען, אָדער צו זייערע פערבינדונגען מיט זייערע גייסט־ ליכע איבערהויפּטען. דיא אונטערטהאנען און בירגער פון אלע מעכטע, האנדעלסלייט אדער אנדערע, זאלען בעהאנדעלט ווערען אין רומעניען, אָהן אונטערשיעד פון גלויבען, אויף א באָדען פון פאָלקאָמענע גלייכ־ הייט."

**רומעניען**, האָבענדיג געווארען אַן אונאַבהענגיגע נאציאָן דורך איהר אנערקענונגס פון דיעזע מעכטע און אויף דיא בעדינגונגען וואס זיינען אויסגערעכענט אין דעם טראַקטאַט פון בערלין, קען זיין מעגליך, אז ביים שלום פון דער מלחמה, זאָלען די פערגוואלדיגונגען פון דיזען טראַקטאַט מצד דער רומענישער רעגירונג בעטראכטעט ווערען פון די מעכטע, וועמעס עהרע ווערט פערשוועכט דורך אַן אָפענע פערגוואל־ דיגונג פון א טראַקטאַט, צו וועלכען זיי זיינען געווען ערענסטע צדדים.

# פאלעסטינא

דיא אידען פון פאלעסטינא זיינען געווען צווישען דיא ערשטע קרבנות פון דער מלחמה. דער גרעסטער טהייל פון זיי זיינען אבהענגיג, גענצליך אָדער טהיילווייז, אויף זייערע גלויבענס־גענאָסען אין אייראפא און אין אמעריקא. מיט דעם אויסברוך פון דער מלחמה זיינען אלע נאָרמאלע פערבינדונגס־קוועלען צייטווייליג אונטערבראָכען געוואָרען. וואָלט דאָס אפילו נישט פאסירט, וואָלע דיא פאָלקאָמענע פאראלי־זירונג פון דעם האנדעל אין אייראפא, געמאכט פאר אונמעגליך אז דיא אידען, וועלכע זיינען אליין געווען אויף צרות, זאלען קענען אנהאלטען זייער מאטריעלישע אונטערשטיצונג.

די שווערינקייטען פון דעם צושטאנד איידער טערקיי איז געווארען א מלחמה־לאנד ווערען אין קורצען איבערגעגעבען אין דיא פאָלגענדע אויסציגע פון א רעפּאָרט, דאטירט אָקטאָבער 21, 1914, געמאַכט פון מר. מאָררים ווערטהיים, וועלכער איז אנפערטרויט געוואָ־רען פון אמבאסאדאָר מאָרגענטהוי מיט דער אויסטהיילונג פון א פאָנד פון 50,000 דאָלאר, וואס דיא אמעריקאנער אידען האבען ביינעש־טייערט.

דיא קאָלאָניסטען אליין זיינען נישט געווען אין א ווירקליכע נויטה פיר הילפע, ווייל זיי זיינען מייסטענס מענשען וואָס פערמאָגען געוויסע קאפיטאלען און קענען זיך אליין העלפען. נאך מעהר, זיי קענען קריגען זייערע געלדער פון באנק אויף דעם פאָלגענדען אופן: דיא אנגלא־פאלעסטינא באנק, מיט וועלכע דיא מייסטע אידען אין פאלעסטינא טהוען זייער געשעפטען דורך איהרע צווייגען אין יפו, ירושלים, חיפה, טבריה, א.ז.וו., רעדזשיסטרירט פאר איהרע דעפאזיטאָרס טשעקס ארונטער דיא קלענסטע סומען. דיעזע טשעקס ווערען געמאכט צאָהל־באר צום דעפאזיטאָר, ווערען פון איהם אינדאָרסירט, און דער רעדזשיס־טירונג שטעמפעל פון דער באנק איז אזוי גוט וויא א צייגנים, דאס דער טשעק וועט געקעשט ווערען אין דער באנק נאָכ'ן מאָראטאָריום. מיט דיעזע טשעקס זיינען דיא קאָלאָניסטען אימשטאנד צו סופּלייען זייערע באלדיגע בעדערפניסע און ארונטערנעהמען זייערע תבואה.

דיא איינציגע דרינגענדע נויטווענדיגקייט פון דיא קאָלאניסטען איז געווען אויסצובייטען איינינע פון דיעזע טשעקס אויף גאָלד, אום

צו בעצאָהלען דיא רעגירונגס שטייערען און דיא מיליטערישע אויס־קויף־געלד, און דיעזעס איז אויך אראַנזשירט געוואָרען.

ווייטער זיינען דיא צוויי גרויסע נויטהווענדיגקייטען פון דיא אידישע קאָלאָניעס, אין אלגעמיין גערעדט, געווען: (א) צו זאָרגען פאר דיא אידישע ארבייטער, וואס זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון דער ארבייט דורך דיא עקזיסטירענדע צושטענדע, און (ב) צו פערשאפען נייע מאַרקעטס פאר זייערע פּראָדוקטען, וואָס זאָלען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון דיא וואָס זיינען בעריהרט געוואָרען פון דער מלחמה.

עס זיינען דא ארום 2,500 אידישע ארבייטער אין דיא קאָלאָניען. עס איז אונמעגליך צו בעשליסען דעם ריכטיגען פּראָצענט פון דיא ארבייטסלאָזע צווישען זיי. אויב מיר זאלען אפילו אננעהמען אז בלויז א העלפט פון זיי זיינען ארבייטסלאָז, קען מען שוין לייכט זעהן אז מיט דעם געלד וואס מיר האבען געהאט פיר דיעזען צוועק, האט מען ווייט נישט געקענט געהן. איך מעג דאָ בעמערקען, דאָס אין אויסטהיילען דאָס געלד צווישען די פערשידענע געגענדען אין פּאלעסטינא, האבען מיר פאר דיא קאָלאניען בעשטימט עטוואס א גרעסערע פּראָפּאָרציאָן ווי זייער בעפעלקערונג האט בערעכטיגט.

דאָס עפענען פון נייע מאַרקעטס פיר פּאלעסטינער אגריקולטורעלע פּראָדוקטען (אָרענדזשעס, וויינטרויבען און מאַנדלען זיינען די הויפּט ארטיקלען פון עקספּאָרט), איז פיעלייכט דיא דרינגענדסטע נויט־ווענדיגקייט פון דער קאָלאָניסטישער בעוועגונג אין פּאלעסטינא. דיא קאָלאָניסטען פיהלען דאס דער הויפּט מאַרקעט פיר דיא ארענדזשעס וואס איז אין דער פערגאנגענהייט געווען ענגלאנד, וועט פיעל געשטערט ווערען, און אויב זיי זאָלען נישט קענען פערקויפען זייערע פּראָדוקטען, ווערט בעדראָהעט זייער גאנצע צוקונפט און זייער סאַמע עקזיסטענץ.

דיא לאגע אין דיא גרעסערע בעפעלקערונגס צענטערס איז זעהר שלעכט. באַארעס געלד קומט כמעט גאָר נישט אריין אין דעם לאנד, און אויסלענדישע טשעקס וואס קומען שוין אריין, קען מען נישט אויס־טוישען. דיעזעס פערורזאכט, נאטירליך, א גרויסע נויטה צווישען די יעניגע וואס זיינען אבהענגיג אָן דער „חלוקה" און אויך צווישען דער גרויסער קלאַסע וואס איז אָבהענגיג אָן געלדער וואָס ווערען געשיקט פון קרובים. נאָך מעהר, דיא אינדוסטריען פון דער פאַבריצי־רונג פון אנטיקען און סאָווענירס זיינען גענצליך אָפּגעשטעלט, איבער

דעם ווייל עס זיינען אויף אזעלכע זאכען נישטאַ קיין קונדען, און עס איז נישטאַ קיין געלד אויף איינצופיהרען אזעלכע אינדוסטריען וויא געבוי, סטאָלעריי, שניידעריי און שוסטעריי, אין וועלכע א גרויסע צאָהל אידען זיינען בעשעפטיגט. איך האָב געפונען, דאָס דיא בעסערע קלאַסע אידען האט זיך ארגאניזירט פיר צייטווייליגע הילפע, אבער זייערע מיטלען האלטען שנעל ביים אויסגעהן. מענשען וואס האָבען מיט עטליכע וואכען צוריק געגעבען נדבות אויפצוהאלטען דיא סופּ־קיטשענס, זיינען ביי מיין אָנקומען שוין אליין געווען אין דער גרעסטער נויטה. איין אידישער האספּיטאָל האט זיך שוין געשלאָסען.

דער שפּייז צושטאנד אין פּאלעסטינא איז געווען גאר שרעקליך. דיא פּרייזען זיינען גראדע ניט געשטיגען זעהר הויך, אָבער דיא סופּלאַי־קוועלען זיינען געווען בעשרענקט. דער אריינפיהר פון ווייץ פון מזרח זייט פון דעם ירדן איז פערבאָטען געוואָרען פון דער רעגירונג. (דורך דיא בעמיהונגען פון דעם אמבאסאדאָר האבען מיר זיך אנגעשטרענגט מען זאָל דיעזען פערבאָט אראָפּנעהמען). אום צו בעשיצען זיך פאַר א מעגליכע אויספּעהלונג פון שפּייז און אויך אום צו אָפּערען שפּייז אויף דער ביליגסטער פּרייז, וועט אונזער קאָמיטע פון צייט צו צייט אויפקויפען אזעלכע גרויסע קוואנטיטעטען שפּייז וויא מען קען נאר קריגען, אליין באקען ברויט און עס פערקויפען אויף קאָסט פּרייז און אפשר נאָך א ביסעל ביליגער.

ווען טערקיי איז אריין אין דער מלחמה אלס א פערבינדעטע מיט דייטשלאנד און עסטרייך־אונגארען, איז די לאַגע פון דיא 50,000 רוסישע אידען, וואס האָבען פאָרמירט א העלפט פון דער בעפעלקערונג אין פאלעסטינא, געווארען זעהר געפעהרליך. אלס אונטערטהאנען פון א פיינדליכע לאנד, זיינען זיי געווארען אונטערוואָרפען צו אלע בעשרענקונגען און בערויבונגען פון רעכט, וואס מיליטערישע נויטהווענדיגקייט אדער אינטערנאציאנאלע שנאה האט געקענט דיקטירען. און אזוי זיינען דיעזע טויזענדע אידען געווען געצוואונגען צו ליידען איבער דעם, ווייל טעכניש האָבען זיי געטראָגען דיא נאַציאָנאַליטעט פון א לאנד וואָס האט זיי פאקטיש פערשטויסען.

דורך דער אריינמישונג פון דער דייטשער און אמעריקאנער עמבאסי, האט אָבער דיא אָטאָמאנישע רעגירונג געמאכט בעזאָנדערע קאָנצעסיעס לטובת דיעזע אידען. מען האט געגעבען עטליכע וואָכען

צייט דיא יעניגע וואס האבען געוואלט ווערען טערקישע אונטערטהאנען דורך נאטוראליזאציאן. ביים אויסגעהן פון דיעזען טערמין, האט מען דיא יעניגע וואס זיינען נישט געווארען קיין טערקישע אונטערטהאנען, בעפעהלען צו פערלאזען דאס לאנד. ארום 600 האט מען מיט געוואלד ארויסגעטריעבען, און ארום 7,000 אנדערע זיינען פרייוויליג אוועק־געפאהרען. דיא מייסטע פון דיא פליכטלינגע האבען געזוכט שוץ אין עגיפטען, און פון דארט זיינען פיעלע געפאהרען נאך דיא יונייטעד סטייטס. אין פריהלינג 1915 האט אבער דער מיניסטארען ראטה בעשלאסען אויפצוהערען דיעזע גירושים.

דיא שוועיגקייט פון דער עקאנאמישער לאגע פון דער אידישער בעפעלקערונג זיינען נאך ווייטער געשטיגען מיט טערקיי'ס אריינטריט אין דער מלחמה. דיא רעגירונג האט קאנפיסקירט דיא מייסטע תבואות, און א גרויסע צאהל פון דיא איינוואוינער זיינען גענומען געווארען פאר סאלדאטען, אדער זיי האבען זיך געמוזט אויסקויפען מיט געלט.

אין מערץ 1915 האט דיא אמעריקאן דזשואיש רעליף קאמיטע און דיא פראוויזארישע ציוניסטישע אקציאנס קאמיטע, דורך דער העפליכקיים פון דער יונייטעד סטייטס רעגירונג, געשיקט א שפייז־שיף נאך פאלעסטינא. אבוואהל בעדייטענדע טהיילען פון דיעזע סופלייעס זיינען דורך דער טערקישער רעגירונג פערווענדעט געווארען צו ניט־אידישע קוועלען, איז דיא שפייז פראגע דאך אין א גרויסע מאאס געלעזט געווארען און דיא צושטענדע האבען זיך פיעל פערבעסערט. דער יעצטיגע צושטאנד ווערט אין קורצען ערקלעהרט אין דיא פאלגענדע אויסציגע פון א בעריכט פון דער פראוויזארישער אקציאנס קאמיטע פיר אלגעמיינע ציוניסטישע אנגעלעגענהייטען, דאטירט אויגוסט 10, 1915:

דיא עקאנאמישע לאגע האט אויך געוויזען א שטיקעל פערבעסערונג. דיא אנקונפט פון דער רעליף שפייז־שיף „וואולקאן" איז טהייל־ווייז פעראנטווארטליך פאר דיעזען רעזולטאט. נאך א היבשע דיסקוס־יאן מיט דיא רעגירונגס בעאמטע, האט מען איינגעשטימט אויף דער פאלגענדער ראטה פון אויסטהיילונג: 55 פראצענט פיר אידען, 26 פראצענט פאר מחמד'אנער און 19 פראצענט פיר קריסטען.

דאס שיקען פון דער רעליף שיף האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף מאכען בעדייטענד ביליגער די פרייזען פון שפייז. דיא תבואה

־זאַמלונג איז יעצט אין פולען גאנג. דיא גערעטעניש איז צופרידענ־
שטעלענד, בעזאנדערעס אין גליל, וואס איז הויפּטזעכליך א לאַנד פון
קאָרן. אונזערע פארמס, אין בעזאָנדערס, האבען זיך ארויסגעוויזען צו
זיין א וויכטיגער פאקטאָר אין דעם יעצטיגען קריזיס, דורך סופּלייען
דיא קאלאניען און שטעדט מיט קערנער אויף מעסיגע פּרייזען. עס איז
דיא אורזאַכע צו גלויבען, אז פּאלעסטינא וועט שוין קענען אויסקומען
מיט שפּייז, אָהנע צו זיין אבהענגיג אויף צושיקונגען פון אמעריקא.
עס איז נאָך דא א מאנגעל אין צוקער און אין אייניגע אנדערע וועניגער־
וויכטיגע שפּייז־זאַכען, פון וועלכע מען קען נאָך בעציהען קליינע
קוואנטיטעטען פון עגיפּטען.

דיא עקאָנאָמישע אויסזיכטען וואָלטען געווען בעדייטענד בעסער
ווען נישט דער היישעריק, וואס איז בעפאלען פּאלעסטינא אין גרויסע
מאסען. אין דעם קאָרן־לאנד גליל איז דיא געפאהר וועניגער וויא
אנדערשוואו, וואו דיא הויפּט זאך אין אגריקולטור זיינען דיא פּלאנטאצ־
יעם. דער קאמפּף געגען דיעזע פּלאג איז אויפגענומען געווארען ענערגיש
און סיסטעמאטיש.

דיא געפאהר פון א מאנגעל אין קערנער איז נאָך א פּראָבלעם
וואָס נויטהיגט זיך אין פּאָרזיכטיגע בעטראכטונג. וועהרענד אין נאָר־
מאלע צייטען איז פּאלעסטינא אימשטאנד צו עקספּאָרטירען קערנער
נאָך אויסלאנד, האט דער אויסברוך פון דער מלחמה, דורך דיא שווערע
רעקוויזיציעס פון דער רעגירונג און דיא שוועריגקייטען אין פערבינדונ־
גען מיט צפון פון פּאלעסטינא און האוראן, די קערנערייען פון דעם
לאנד, געבראכט א שרעקליכען צושטאנד. פילע וואָהלהאבענדע אידען
האָבען אָפּגעקויפט קוואנטיטעטען קערנער, זיי צומאָהלען און פערקויי־
פען דיא מעהל צום פּובליקום אויף ביליגע פּרייזען. אויף אזא אופן
האָבען זיי פערמיעדען דיא געפאהר וואס האט געדראשעט דער
בעפעלקערונג פון אונאָרענטליכע שפּעקולאנטען און דיא פּרייזען זיינען
געבליבען ניעדעריג. אזוי, צום ביישפּיעל, ווען פאר פסח איז דיא פּרייז
פון מעהל געשטיעגען אזוי הויך וויא 65 פראנק, האט דיא האנדלונג
פון דער קאָמיטע געהאט דיא ווירקונג צו רעדוצירען דיא פּרייז אויף
48 פראנק. דיא קאָמיטע האט אויך צוגעשטעלט ביליגע מעהל פיר עפ־
ענטליכע אנשטאלטען.

אלס נאָך א הילפס־מיטעל זיינען געעפענט געווארען פון דער

קאמיטע קראַמען אויף פערקויפען שפייז. טראָץ דעם פאַקט, דאס מאַנכע פון דיא וואַרען זיינען רעקווידירט געוואָרען פון דער רעגירונג, האבען דיא קראַמען געדינט א גוטע ציעל, העלפענדיג, אונטער אַנדערעס, אויך צו צירקולירען דיא טשעקס פון דער אַנגלאָ־פאַלעסטינא קאָמיאַניע.

פון דעם סאמע אָנפאַנג פון דעם קריזיס האט דער פאַלעסטינא אַמט געמאכט א רול, דאָס קיין ארבייטער טאָהר נישט ענטלאסען ווערען, ווייל אזא האַנדלונג קען שטעלען דעם ארבייטער אין געפאהר פון הונגער. צו סופלייען אלע ארבייטער מיט בעשעפטיגונג, זיינען אונטערגענומען געווארען עפענטליכע ארבייט, וויא בויען וועגען, גראָבען קאנאלען און ציהען וואַסער־לייטונגען. פיעלע בוימייסטערס וואָס האָבען געמוזט אָפשטעלען זייערע געבויארבייט, זיינען אונטער־שטיצט געווארען מיט הלוואות, אום צו קענען פאָרטזעצען דיא ארבייט.

צולעצט איז אויך ארגאניזירט געווארען אַן עפענטליכע לייה געזעלשאפט, אום זיך אפצוגעבען מיט די יעניגגע וואס פלעגען פריהער קריגען צוגעשיקט געלט פון אויסלאנד און צוליעב דער אָפשטעלונג פון דיעזע געלדזענדונגען זיינען זיי געבליעבען אין רחמנות'דיגע אומשטענ־דען. אַן ערך פון 900 מענשען האָבען זיך בענוצט מיט דיא פאַציליטע־טען פון דיעזע געזעלשאפט.

לויט סטאטיסטיקס וואס זיינען צוזאמענגעשטעלט געווארען פון דעם פאלעסטינא אמט, האבען ארום 8,000 אידען פערלאָזען דאס לאנד דורך דעם קריזיס. פון דיעזע זיינען 4,000 געווען פון יפו, 2,000 פון ירושלים, 1,500 פון דיא קאלאניען אין יהודה, און 500 פון דיא קאָלאָנ־יען אין גליל. דיא צאָהל פון אידען אין פאלעסטינא ווערט יעצט געשאצט אויף 88,100, פון וועלכע 13,500 געפינען זיך אין דיא קאָלאָניען.

דיא רעקוויזיציעס און מלחמה שטייערען וואס זיינען ארויפגעלעגט געווארען אויף דיא אידען דורך דער מלחמה, בעטרעפען 152,805 פראנק.

---

# צוזאץ.

## 1.

## בעריכט פון דעם רוסיש־אידישען הילפס קאמיטעט.

**בעמערקונג** — דער פאָלגענדער בעריכט איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון דעם רוסיש־אידישען קאָמיטעט פיר דער הילף פון דיא מלחמה לײדענדע, צו זײנע מיטגליעדער אין רוסלאנד, אין מאַי 1915. זײט דאַמאָלס זײנען דיא צושטענדע אין רוסלאַנד און אין פױלען געהאַלטען אין אײן ווערען ערגער און ערגער. דיא פערלעסליכקײט פון דיעזען בעריכט איז גאראנטירט פון דעם פערזאָנאַל פון דעם קאָ־מיטעט, וואָס צעהלט צווישען זײן מיטגליעדערשאַפט אַזעלכע בע־ריהמטע מענער, וויא באַראָן א. דע־גינצבורג, ה. סליאָסבערג, מ. גינזבורג און ב. קאמענקא, פאָרזיצענדער פון דעם אַקציאָנס קאָמיטעט; מ. א. וואַרשאַווסקי, פאָרזיצענדער פון דעם אָרגאַניזירונגס קאָמיטעט; און ד. פײנבערג, ל. בראַמסאָן און מ. קרײנין, סעקרעטערע.

---

א שרעקליכע קאטאַסטראָפע איז בעפאַלען דער אידישער בע־פעלקערונג אין דער טשערטאַ אָסיעדלאָסטי, און אין פױלען; הונגער

און דורשט, קראַנקהייט און טויט, און מאָראַלישע יסורים, וואָס זיי־
נען איבער דער מאַכט פון אַ מענשליכע פעדער זיי צו שילדערען,
זיינען דער גורל פון הונדערטע טויזענדע אידישע מענער, פרויען
און קינדער, וואָס דיא מלחמה האָט פערטריעבען פון זייערע היימען,
וואָס זייערע הייזער און מקומות־מנוחה זיינען צופלינדערט און צער־
שטערט געוואָרען. הונדערטע טויזענדע פון אונזערע אונגליקליכע
ברידער קוקען אין האָפנונגסלאָזע פערצווייפלונג אין אַ צוקונפט, וואָס
זעהט אויס זיי צו ווייזען קיין זאַך, אויסער נייע טרעהרען און לייר
דען . . .

לויט דיא אויסקינפטע וואס זיינען געזאַמעלט געוואָרען פון דעם
אַלגעמיינעם פוילישען הילפס־קאָמיטעט, האָבען ווענינסטענס 200
שטערט און 9,000 קליינע שטעדטלעך און דערפער געליטען פון דער
מלחמה. דער מאַטעריעלישער שאָדען בעטרעפט דיא גיגאַנטע סומע
פון אַ מיליאַרד רובעל (500 מיליאָן דאָלאר). אויסער דיא שרעקליכע
פערלוסטען וואָס דיא קליין־שטעדטעלדיגע בעפעלקערונג האָט געלי־
טען, איז דיא גאַנצע אינדוסטריעלע פּראָדוקציאָן, וואָס בעטרעפט
נאָהענט 800 מיליאָן רובעל א יאָהר, רואינירט געוואָרען. ארום
דריי מיליאָן שטאָדטישע מענשען זיינען בדיל־הדל געוואָרען, און
פון דיעזע דריי מיליאָן זיינען אַ העלפט, דאָס הייסט, 1,500,000,
אידען. צו דיעזע צאָהל אונגליקליכע קרבנות דארפען מיר נאָך צו־
רעכענען דיא בעפעלקערונג פון קאָוונער און גראָדנער גובערניעס, אין
דער צפון־מערב געגענד פון דער טשערטאַ, און בעסאַראַביער, פּאָ־
דאָליער און וואָהלינער גובערניעס, אין דרום און דרום־מערב פון
דער טשערטאַ. דיעזע גובערניעס, וואָס גרענעצען זיך מיט דייטש־
לאַנד און עסטרייך, האָבען א אידישע בעפעלקערונג פון ווענינסטענס
500,000 נפשות. דער סך־הכל פון דיא אידען וואָס האָבען געלי־
טען, אזוי אָדער אזוי, פון דעם מלחמה צושטאַנד, בעטרעפט אלזאָ
איבער צוויי מיליאָן, וואָס רעפּרעזענטירט איין־דריטעל פון דער גאַנ־
צער אידישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד.

אויסער דעם, זיינען דאָ הונדערטע טויזענדע אידען אין גאַליציען
(אין דער רוסישער אָקופּאַציאָן), וואָס קוקען אויס אויף הילפע פון
דיעזען לאַנד.

צום שרעקליכען חורבן פון זייער מאַטעריעלען וואָהלזיין זיינען

נאָך צוגעקומען אונבעשרייבּליכע ליידען וואָס דיא בעפעלקערונג פֿון דעם קריעגס־ראַיאָן האָט געמוזט דורכלעבען. אין גאָר דיא בעסטע פעלע, האָבען דיא איינוואוינער פֿון דיא גרענעץ־ערטער געמוזט אנט־לויפען פֿון דעם שלאַכט־ראַיאָן און זוכען שוץ אין דיא אינערליכע טהיילען פֿון דעם לאַנד. א גרויסער טהייל פֿון דיא דאָזיגע אידישע פאמיליען זיינען אָבער געבּליבען צווישען דיא חורבות, פּנים־אל־פּנים מיט דעם הונגער און מיט דיא קראנקהייטען, וואָס האָבען צוויי־שען זיי א רייכע שניט־צייט.

אזוי איז דיא איבּערגעבענהייט און ליעבע פֿון דיא אידען צו זייערע געבורטס־פּלעצער, צו זייערע אייגענע ווינקעלעך. זיי ווילען בעסער בּלייבען אין דיא פערוויסטעטע שטעדטלאך און דערפער, אויב מען ערלויבט זיי נאָר. און דיא־יעניגע וואָס זיינען אנטלאָפען פֿון זייערע הוימען, נעהמען דיא ערשטע געלעגענהייט זיך אומצו־קעהרען, ניט קוקענדיג אויף דיא שרעקליכע קאַטאַסטראָפען, וואָס ער־ווארטען זיי דאָרט. א לעבעדיגער ביישפּיעל, וואָס איז טיפּיש פֿון פיעלע אנדערע פעלע, איז געגעבען געוואָרען פֿון דיא אידען אין דעם דאָרף ווילוצי, בוזאקער אויעזד, קיעלצער גובערניע. אונזער דעלעגאַט האָט געפֿונען דעם דאָרף גענצליך צערשטערט דורך דיא פיינדליכע באָמבּעס. דיא בעפעלקערונג — מייסטענס אידען — איז פאראיבער דריי מאָנאַט דאָרט געלעגען צוזאַמענגעטוליעט אין דיא קעלערען, וואו זיי האָבען זיך אויסבעהאַלטען. זיי האָבען נישט געטאָהרט ארויס־קריכען פֿון זייערע בעהעלטעניסען ביי טאָג; מען האָט נישט גע־טאָהרט קאָכען קיין שפּייז, אָנצינדען פייער ביי נאַכט — אזוי זיי־נען געווען דיא שטרענגע בעפעהלע פֿון דיא מיליטערישע בעאַמטע. א גוט־הערציגער מיליטערישער קאָמאַנדיר האָט זיי ערלויבט ארויס־צוקריכען פֿון זייערע פינסטערע לעכער ביי נאַכט און האָט זיי גע־געבען עסען פֿון דיא סאָלדאַטסקע קעסלען. באַלד איז אָבער אָנגע־קומען אַן אַנדערער מיליטערישער קאָמאַנדיר און ער האָט דיא אונ־גליקליכע געלאָזט שטאַרבען פֿון הונגער אין זייערע קעלערען. דיא יעניגע וואָס זיינען געשטאָרבען, האָבען דיא איבּערגעבּליעבענע לע־בעדיגע בעגראָבען אין לעכער, וואָס זיי האָבען אויסגעגראָבען אין די זעלבע קעלערען . . .

אונענדליך טראַגיש איז אויך דער שיקזאַל פֿון דיא־יעניגע אידען,

וואָס זיינען דורך דיא שטרענגע בעפעהלע פון דיא מיליטערישע בע־
אַמטע, אונטער אַ נאָטים פון דריי ביז פיער און צוואַנציג שטונדען,
ארויסגעטריעבען געוואָרען פון דיא פוילישע פּראָווינצען, וואו זייער
אנוועזענהייט נאָהענט צום שלאַכט־ראַיאָן איז בעטראכטעט געוואָרען
אלס „אַ געפאהר פאר דיא רוסישע ארמעען“. פערלאָזענדיג זייערע
היימען און זייערע פערמעגענס, דיא פרוכט פון יאָהרען־לאַנגע האָ־
רעוואַניע, אָפען פאר אלע רויבער, האָבען דיא אונגליקליכע גלות׳־
ניקעס טויזענדער־ווייז זיך געמוזט אוועקשלעפּען צו שטעדטלעך און
דערפער, דרייסיג מייל אָדער נאָך ווייטער אוועק, וואו דיא מילי־
טערישע אוקאַזען האָבען דערוויילן נאָך נישט ערדייכט. אלטע לייט,
קראַנקע פרויען מיט קינדערלאַך אין זייערע אָרעמס, טראָגענדיג פּעק־
לאַך, אין וועלכע זיי האָבען איילענדיג פערפּאַקט זייער ביסעל אָרימ־
קייט וואָס זיי האָבען נאָר געקענט מיטנעהמען, האָבען זיך געשלעפּט
איבער דיא וויסטע וועגען אָנפילענדיג דיא לופט מיט זייערע זיפצען
און יאָמערען. דאָ האָט אן אלטער מאַן זיך צוזאַמענגעבראָכען און
האָט אויסגעהויכט זיין לעצטען זיפץ אין מיטען וועג. דאָ שטעהט
אַ פרוי אויף דיא קניע, קוקענדיג מיט פערצווייפלונג וואָס איז שוין
צו טיעף אויסצודריקען מיט טרעהרען, אויף איהר קינד, וואָס ליעגט
טויט אין איהרע אָרעמס... פיעלע זיינען אזוי אומגעקומען אויף
זייער וועג. אונבעשרייבליך זיינען דיא ליידען פון דיא־יעניגע וואָס
זיינען געבליבען לעבען. קוים האָבען זיי שוין געפונען שוץ אין אַ
גאַסט־פריינדליכען שטעדטעל אָדער דאָרף, ווען — אַך, וויא אָפט!
— אין אַ פּאָאר טעג ארום האָבען דיא בעאַמטע זיי פון דאָרט אויך
פערטריעבען, און וויעדער האָט דיא אידישע בעפעלקערונג געמוזט
נעהמען דעם וואַנדער־שטעקען...

דער סך־הכל פון דיא פליכטלינגע פון דעם קריעגס־ראַיאָן און
פון דיא ארויסגעטריעבענע קען גאָר נישט בערעכענט ווערען מיט
פּינקטליכקייט, ווייל גרויסע מאַסען האָבען זיך צולאָזען איבער דיא
קליינע שטעדטלאַך אין דער טשערטא, מאַכענדיג אונמעגליך אַ סיס־
טעמאַטישע רעדזשיסטרירונג, און צו דערזעלבער צייט ווערט דיא
מחנה פון דיא פליכטלינגע טאָג־טעגליך גרעסער דורך דעם אָנגאַנג
פון דער מלחמה.

א שטיקעל בעגריעף וועגען זייער צאָהל ווערט געגעבען אין דיא פאָלגענדע ציפערען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| וואַרשוי — — — | 75,000 | ראַדאָם — — — — | 2,000 |
| ווילנא — — — | 12,000 | גוסיאַטין — — — — | 1,000 |
| קיעלץ — — — — | 3,000 | שאקווי (סובאלקער גוב) | 1,500 |
| קאָנסק — — — — | 4,000 | לאָמזשע — — — — | 5,000 |
| מינסק — — — — | 2,000 | כמעלניץ (קיעלצער גוב.) | 1,500 |
| פּראַסניש — — — | 1,500 | | |

אָבער דיעזע ציפערען וויזען דאָך נישט דיא צאָהל פון דיא פליכטלינגע. זיי וויזען בלויז דיא צאָהל פון דיא־יעניגע פליכט־לינגע וואָס האָבען זיך געווענדעט פיר הילפע. הונדערטע טויזענדע אַנדערע, וועלכע האָבען נאָך דערווייל מיט וואָס אויסצוקומען, זיינען ניט רעדזשיסטרירט געוואָרען. אָבער זיי וועלען דאָך אויך באַלד נישט האָבען מיט וואָס דורכצוקומען און וועלען זיך באַלד מוזען אָנ־שליסען אָן דיא רייהען פון דיא נויטהבעדערפטיגע... מען מוז, אַלזא, גאָר אָהן מורא פאר איבערטרייבונג, דיא ציפערען פאר דיא אויבענ־דערמאָהנטע פלעצער און פאר אַלע אַנדערע צעהנדליגע שטעדט און שטעדטלעך רעכענען אויף דאָפּעלט.

וועהרענד פיעלע שטעדט און שטעדטלאַך האָבען מיט גרויס־מוטהיגע גאַסט־פריינדשאַפט געעפענט זייערע טהויערען פאר דיא פליכטלינגע און ארויסגעטריבענע פון דעם מלחמה ראַיאָן, איז אָבער דיא בעשטענדיגע בעפעלקערונג פון יענע פלעצער גופא אין א שרעק־ליכען עקאָנאָמישען קריזיס און ליידעט פון ארבייטסלאָזיגקייט, וואָס ווערט נאָך שרעקליכער איבער דער גרויסער איינוואַנדערונג פון דיא פליכטלינגע, וועלכע זיינען נאַטירליך העכסט צופריעדען צו ארבייטען פאר דעם מינדעסטען לוין. אויף אַזאַ אופן האַלטען דער דלות און דיא צרות אין וואַקסען אויך אין דיעזע פלעצר, און דיא לאַסט פון העלפען דיא נויטהבעדערפטיגע ווערט צו שווער פאַר דיא לאָקאַלע געמיינדען.

מיר האָבען שוין ערקלעהרט, אז דאָס אינדוסטריעלע לעבען אין פוילען און אין א גרויסען טהייל פון דער טשערטאַ איז דורך דער מלחמה חרוב געוואָרען. הונדערטע פאַבריקען זיינען צערשטערט.

הונדערטע אַנדערע זיינען געשלאָסען איבער דעם, וואָס עס פעהלט קאַפּיטאַל, רויהע מאַטעריאַלען, בעהייצונג און — פאַר אַלעם — ווייל עס זיינען נישטאָ קיין מאַרקעטס פאַר זייערע פּראָדוקציאָנען. פיעלע טויזענדע ארבייטער, וואָס זיינען פריהער געווען בעשעפטיגט אין דיעזע פאַבריקען, זיינען אַלזאָ געבליבען אָהן ברויט.

גאַנצע צווייגען פון בעשעפטיגונגען זיינען צושמעטערט געוואָרען, בעגראָבענדיג דעם וואָהלזיין פון דיא ארבייטער אונטער זייערע רואינען. דיא שניידעריי, וועבעריי, שוסטעריי, געבוי און אַנדערע בעשעפטיגונגען, וואָס האָבען אין נאָרמאַלע צייטען אויפגעהאַלטען א גרויסען פּראָצענט פון דיא אידען אין פּוילען און אין דער טשערטאַ, זיינען טויט. דיא ארבייטער זיינען איבערגעלאָזען געוואָרען צו הונגערען, סיידען עפּעס קען געטהאָן ווערען אום זיי צו רעטען.

דאָס האַנדעלס לעבען איז אויך חרוב געוואָרען. דיא האַנדעלסלייט, גרויסע און קליינע, זיינען רואינירט; הונדערטע פּריקאַזשטשיקעס (קלוירקס) זיינען געבליבען ארבייטסלאָז און מוזען אָנקומען צו צדקה.

עס איז אָבער דאָ נאָך א קלאַסע פון ליידענדע, וועמען מיר מוזען העלפען. ארום 300,000 אידען קעמפּפען אין דיא רייהען פון דער רוסישער אַרמעע. זייערע מוטערס, פרויען און קינדער קריגען גאָר אַן אונבעדייטענדע שטיצע פון דער רעגיערונג (ארום 2 רובעל א מענש). ארום א העלפט פון זיי קריגען גאָר קיין שטיצע פון דער רעגיערונג, ווייל זייערע חתונות, אָבוואָהל געזעצליך, זיינען דאָך ניט פערשריבען אין דיא אָפיציעלע הייראַטה־ביכער. (עס איז א בעוואוסטער פאַקט, דאָס דער פּראָסטער אידישער עולם אין פּוילען און אין דער טשערטאַ פערפעהלט אָפט צו לאָזען פערשרייבען זייערע חתונות אין דיא אָפיציעלע ביכער, ניט איינזעהענדיג דיא נויטהווענדיגקייט פון אזאַ פאָרמאַליטעט.) דירה־געלט און שפּייז זיינען געוואָרען בעדייטענד טהייערער, זייט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, און דיא פאַמיליען פון דיא סאָלדאַטען זיינען אָפט אין דער שרעקליכסטער נויטה, און מיר מוזען דיעזע לייטע העלפען, זיי זאָלען נישט דאַרפען פאַלען צו לאַסט אויף זייערע געמיינדען. פיעלע פון דיא סאָלדאַטען וועלען זיך קיינמאָהל נישט אומקעהרען פון דיא שלאַכטפעלדער; אַנדערע וועלען צוריקקומען אַלס קריפּעלס און וועי

לען ניט קענען מאכען קיין לעבען פאר זיך און פאר זייערע פאמיל־
יען. זיי וועלען אלע דארפען הילפע אין עפעס א פארמאט . . .

עס איז אן אונבעשרענקטער ים פון צרות, וואס מיר האבען
יעצט אלס אויפגאבע זיך צו ראנגלען מיט איהם, און דיא גאנצע
געוויכט פון דיעזער אויפגאבע פאלט אויף דיא אידישע אקסלען. דער
שטראם וואס טהיילט אפ דיא ריעזיגע מעהרצאהל פון דער רוסישער
געזעלשאפט פון דעם אידישען לעבען און נויטען און צרות איז דורך
דיא מלחמה־שרעקען נאך אלץ ניט בעשפאנט געווארען מיט א בריק.
אבוואהל עס הערט זיך צייטענווייז א שטימע פון סימפאטהיע פון
רוסישע קרייזען דא און דארט, און א רוסישע האנד ווערט א מאהל
אויך אויסגעשטרעקט צו שפייזען א הונגערליידענדע אידישע קינד,
איז דאך דיא הילפע, מאראלישע וויא מאטעריאלישע, וואס ווערט
געאפפערט פון ניט־אידען פיר אונזער אונגליקליך פאלק, ניט מעהר
וויא אן אטאם אין פערגלייך צו דער גרויס פון דער נויטה.

און מיר ווינשען אויך נישט צו בויען בעזאנדערעס אויף דיא
פויליש־אידישע פערהעלטניסע, וואס עס איז שוין צו גוט בעוואוסט
וויא שפיציג זיי זיינען געווארען דורך דיא לעצטע מאנאטען, בריינ־
גענדיג אין זייער וועג אונענדליכע, אונפערטרעגליכע ליידען פאר אונ־
זערע אידישע ברידער.

אום צו פעראייניגען דיא בעמיהונגען פון דער אידישער געז־
זעלשאפט אין דער הילפס־ארבייט פיר דיא אידישע מלחמה ליידענדע,
איז באלד ביים אויסברוך פון דער אייראפעאישער מלחמה אין פעט־
ראגראד געגרינדעט געווארען אן אלגעמיינער אידישער הילפס־קאמי־
טעט, מיט דער צושטימונג פון דיא רוסישע בעאמטע, צו האנדלען
אלס א צענטער פיר דער זאמלונג און אויסטהיילונג פון געלדער צו
דיא ארעמע און נויטהבעדערפטיגע אידען. באלד ביים אנפאנג פון
זיין טהעטיגקייט האט דער אלגעמיינער קאמיטעט ארויסגעלאזט אן
אויפרוף צום אידישען פובליקום, אויפפאדערענדיג איהם צו זיין
פפליכט צו דיא אונגליקליכע ליידענדע, פונקט וויא דיא אידישע
סאלדאטען, וואס קעמפפען אין דיא רייהען פון דער רוסישער ארמעע,
טהוען זייער פפליכט צו זייער מוטערלאנד.

דיא אידישע געזעלשאפט אין אלגעמיין האט זיך אבגערופען
מיט איהר געוועהנליכער בריטהערציגקייט, און מאטעריאלישע היל־

פע איז אָנגעקומען אין אזאַ גרויסע מאָאס, וויא נאָר דיא אינדיווי־
דועלע פערמעגענס און אומשטענדען האָבען ערלויבט.

קאָמיטעטען, עהנליכע צו דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט, ארבייר־
טענדיג אויף דיזעלבע ליניען און אין ענגע פערבינדונג מיט איהם,
זיינען אָרגאניזירט געוואָרען אין אַנגעזעהענע צענטערס אין און אַרום
דעם בעטראָפענעם ראיאָן, וויא אין וואַרשוי, מאָסקווע, קיעוו, אָדעס
און כאַרקאָוו, און דערצו האָבען אויך דיא עקזיסטירענדע אידישע
אָרגאַניזאַציאָנען, וויא דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יודישער
קאָלאָניזאַציאָנס געזעלשאַפט (יק"א), דיא חברה מפיצי השכלה, דיא
אידישע געזונדהייטס געזעלשאַפט, דער פעראיין צו פערשפרייטען
אַרבייט און אינדוסטריע, א. ז. וו., א. ז. וו., אָנגענומען א טהעטיגען
אַנטהייל אין דער הילפס־אַרבייט. פערטרעטער פון פערשיעדענע קאָ־
מיטעטען און פעראיינען אַרבייטען אין קריעגס־ראיאָן און ארויס פון
דעם קריעגס־ראיאָן, און זי קומען זיך צוזאַמען פון צייט צו צייט צו
בעשפרעכען נייע מיטלען און פלענער, וויא אזוי בעהילפיג צו זיין
דיא שרעקליכע נויטה.

דיא צושטענדע און דיא גרויס פון דער נויטה אין דיא שטעדט,
שטעדטלאך און דערפער פון פוילען און פון דער טשערטאַ, ווערען
אויסגעפאָרשט דורך דעלעגאַטען פון דעם אלגעמיינעם הילפס־קאָמי־
טעט, וועלכע אַרבייטען טהעטיג און ענערגיש צו אָרגאניזירען דיא
פערשיעדענע פאָרמען פון הילפע אין דיא פרשיעדענע געגענדען. אין
פיעלע פלצער האָט דיא לאָקאלע אידישע געמיינדע זיך אָנגעשלאָסען
אָן דער הילפס־אַרבייט, טהוענדיג אלעס מעגליכעס צו בעזאָרגען
שפייז, וואָהנונג, קליידער; דיא לאָקאלע פילאַנטראָפּישע און קהל׳שע
אידישע אינסטיטוציאָנען זיינען אויף דיעזען אופן געוואָרען ווערטה־
פולע אַגענטורען פון דעם אלגעמיינעם הילפס־קאָמיטעט. אין אלגע־
מיין אָבער — הויפּטזעכליך אויף אזוי ווייט וויא עס אנבעלאַנגט
פוילען — בעגעגענט דיא אָרגאַניזאַציאָן פון הילפע פיר דיא מלחמה
ליידענדע אונענדליכע שוועריגקייטען, וואָס קומט הויפּטזעכליך דער־
פון וואָס דיא ליידענדע בעפעלקערונג איז אין אזאַ פערצווייפעלטען
טעראָר, דאָס פיעלע אידען חלום׳ען אפילו נישט פון ווענדען זיך
צו אימיצען פיר הילפע. אין פיעלע פעלע האָט דיעזער טעראָר ארויס־
געבראַכט א פאָלקאָמענע געפיהל־לאָזיגקייט.

אָפט מוזען אונזערע פערטרעטער אויסזוכען דיעזע מענשען אין זייערע בעהעלטעניסען, זיי וועקען פון זייער לעטארגישען שלאָף, גוט אריינטענה'ן מיט דיא אָנגעזעהענערע מיטגליעדער פון דער געמיינדע, בעפאָר מען קען עפּעס טהאָן פיר דיא ליידענדע. דיא שטעלונג פון דיעזע מענשען ווערט גאנץ פערשטענדליך, ווען מיר בעטראַכטען דיא צושטענדע וויא אזוי זיי לעבען אין געוועהנליכע אומשטענדען — זייער דלות, זייער אונוויסענהייט, און דיא שנאה וואָס זיי בעגעגנען פון דער נישט־אידישער בעפעלקערונג.

עהנליכע צושטענדע הערשען אין דיא גאליצישע פראָווינצען וואָס זיינען פערנומען פון די רוסען:

„איך האָב זיי געפונען צוזאמענגעטוליעט אין פייכטע, פינסטערע קעלערען, האלב־נאַקעט, קראַנק און הונגעריג" — דאָס זיינען דיא ווערטער פון איינעם פון אונזערע פערטרעטער, וואָס האָבען בעזוכט מאַנכע פון דיא פּלעצער וואָס האָבען געזעהן דיא מלחמה שרעקען — „זיי האָבען ארויסגעוויזען אַ פאָלקאָמענע געפיהללאָזיגקייט, האָבען אויסגעזעהן צו זיין אין אַ הינער־פּלעט פון טעראָר. בלויז אַ משוגע'נער — ער איז אראָפּ פון זינען דורך דיא צרות — איז מיר נאָכגעגאַנגען אין גאַס און האָט געשריען פאַר ברויט. איך האָב איהם דערלאַנגט אַ מטבע, אָבער ער האָט זיא אַוועקגעוואָרפען און האָט רחמנות'דיג געשריען פאַר ברויט..."

דיא בעשטענדיגע ענדערונגען אין דעם מלחמה צושטאַנד, וואָס עפענען נייע ראַיאָנען פיר הילפס־ארבייט היינט, און שליסען אַנדערע ראַיאָנען מאָרגען; וואָס ווארפען אָן נייע און נייע מענגען פון ליידענדע אויף צדקה — דאָס מאַכט דיא שרעקליכסטע שווערינקייט אין אונזער ארבייט, צערשטערענדיג היינט דאָס, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען נעכטען. צוגעבען דערצו דאַרף מען נאָך דיא בעזאָנדערע אומשטענדען פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד, דיא אונגינסטיגע שטעלונג פון דיא בעאמטע צו דער אידישער בעפעלקערונג אין דעם קריעגס־ראַיאָן — און דאַן וועט מען שוין בעגרייפען דיא שווערינקייטען וואָס דיא הילפס־אָרגאַניזאציאָן האָט צו בעקעמפּפען.

צוליעב דיעזע און אַנדערע צושטענדע האָט דער אַלגעמיינער קאָמיטעט ביז יעצט געמוזט קאָנצענטרירען זיין ארבייט הויפּטזעכליך

אויף „ערשטע הילפע“, דאָס הייסט, צו בעזאָרגען שפּייז און וואוי־נונגען פאר דיא ליידענדע: אויסטהיילען שפּייז (אויף ביליגע פרייזען אָדער אינגאַנצען פריי), בעהייצונג, קליידער, שיך; העלפען מיט קוואַרטירען, אַכטונג געבען אויף דער ריינליכקייט און געזונדהייט פון דיא מלחמה ליידענדע — דאָס זיינען דיא הויפּט פאָרמען פון דער הילפס־ארבייט.

ביים יעצטיגען מאָמענט ווערען אויסגעשטאַטעט פון דעם אלגע־מיינם הילפס־קאָמיטעט צוויי אזוי־גערופענע „סאַניטאַרישע און שפּיי־זונג עקספּעדיציעס“, וועלכע האָבען אלס צוועק צו געבען מעדיצי־נישע הילפע און בעזאָרגען פריי מיט שפּייז דיא ליידענדע אין דעם מלחמה ראיאָן אין פוילען, אָהן אונטערשיעד פון רעליגיאָן. (דאָס געלד פיר דיעזען צוועק איז אָנגעקומען פון לאָנדאָן מיט דער אויסדריק־ליכער בעדינגונג, אז קיין אונטערשיעד זאָל געמאַכט ווערען צווישען אידען און ניט־אידען.

נאָך מעהר, אויף אזוי ווייט וויא עס איז נאָר מעגליך, בעמיהט מען זיך צו קריגען ארבייט פאר דיא פליכטלינגע און פאר דיא־יעניגע וואָס האָבען פערלאָרען זייער ארבייט דורך דער מלחמה. אזוי זיי־נען אין ווארשוי געעפענט געוואָרען ווערקשטאַטען, וואו מען בע־שעפטיגט דיא פליכטלינגע ביים פאַבריצירען פערשיעדענע ארטיק־לען פון אונטערוועש, וואָס מען פערטהיילט צווישען דיא מלחמה ליי־דענדע. אין ווילנא האָט מען געעפענט א ווערקשטאַט פאר שוה־מאַכער, וואו עס ווערען געמאַכט שטיוועל פאר דער ארמעע. עהנ־ליכע ווערקשטאטען זיינען געעפענט געוואָרען אין דווינסק, פּאַסטאָוו, א. ז. וו. ווייטער, איז אויך געעפענט געוואָרען אַ ביוראָ אין ווארשוי, דורך וועלכע מען קריגט ארבייט פיר א גרויסע צאָהל האַנדווערקער.

א גרויסע צאָהל קליינע האַנדעלס־לייט נויטהיגען זיך זעהר אין קרעדיט צו העלפען רע־עטאַבלירען און אָנגעהען מיט זייערע געשעפ־טען און זיי צו רעטען פון גענצליכע רואינירונג. אזעלכע קרעדיטס ווערט זיי געשאַפען דורך דער פערמיטלונג פון דיא אידישע קאָ־אָפּע־ראַטיווע קרעדיט פעראיינען, וואָס ארבייטען איבער גאַנץ פוילען און איבער דער טשערטאַ. אלס א פּראָבע איז פּאָרלויפיג אין דיעזע אָפּעראַציאָנען אריינגעלעגט געוואָרען א סומע פון 23.000 רובעל. אויב עס זאָל זיך ארויסצייגען אלס א נוצליכער פאָרם פון הילפע,

וועט מען מוזען האָבען א גרויסען קאפיטאל פיר דיזען צוועק.

וויא מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, פערגרעסערט זיך דיא ספערע, דיא צאָהל פון דיא ליידענדע און דיא נויטה מיט יעדען טאָג. דיא אידישע הילפס־אָרגאניזאציאָנען אין רוסלאנד שטעהען יעצט פאר דעם שרעקליכען פּראָבּלעם: פון וואנען צו נעהמען דיא געלדער אויף בעפריעדיגען דיא אימער־וואקסענדע נויטה. דיזער פּראָבּלעם ווערט נאָך מעהר דרינגענד, ווייל מען מוז פערשאפען נייע פאָרמען פון היל־פע מיט דעם לויף פון דער צייט. עס איז ניט נאָר א פראַגע פון שפייז און נאכט־לעגער פאר דער בעטראָפענער בעפעלקערונג. פיעלע פון דיא ליידענדע קענען און ווילען ארבייטען, אויב זיי זאָלען נאָר האָבען דיא מעגליכקייט דאצו.

דיא אויפמערקזאמקייט פון דעם אידישען פובליקום מוז דערפאר קאָנצענטרירט ווערען אויף א נייעם פּראָבּלעם: צו העלפען דיא רו־אינירטע ארבייטס־לייטע צו קומען צו זיך, צוריק אויפצובויען זייערע צושמעטערטע היימען און אויפצולעבען זייערע רואינירטע געשעפ־טען דורך פערזאָרגען זיי מיט ביליגען קרעדיט. דיא לעזונג פון דיע־זען פּראָבּלעם וועט אָבער פאָדערען פיעל גרעסערע מיטלען וויא דאָס רוסישע יודענטהום קען פערשאפען . . .

---

## רעדע פון דעם דעפּוטאַט פריעדמאַן אין דער דומע.
(אויגוסט 2, 1915)

(איבערזעצט פון דער פּעטראָגראדער „רעטש“ פון 3־טען אויגוסט 1915, און געדרוקט אין דער נויאָרקער „טיימס“, דעם 23־טען סעפּטעמבער 1915.)

---

טראָץ זייער בעדריקטע לאַגע, טראָץ זייער שטאַנד פון רעכט־לאָזיגקייט, האָבען דיא אידען זיך ערהויבען צו דער הערליכער שטי־מונג פון דער נאציאָן און אין פערלויף פון לעצטען יאָהר האָבען זיי אנטהייל גענומען אין דער מלחמה אויף א מערקווירדיגען אופן. זיי זיינען ניט געבליבען הינטערשטעליג דיא אנדערע אין קיין שום הינ־

זיכט. זיי האָבען מאָביליזירט זייער גאנצע מאכט, אָבער טאקע מיט דעם אונטערשיעד, וואָס זיי האָבען זייערע איינציגע זיהן (בנים־יחידים) אויך געשיקט אין דער מלחמה. דיא ציוטונגען האָבען ביים אָנפאנג פון דער מלחמה געהאט א מערקווירדיגע צאָהל פון אי־דישע וואָלונטירס צו פערצייכנען. מיינע העררען, דיא וואָלונטירס זיינען געוועזען אזעלכע, וואָס זייער בילדונגס־שטאנד בערעכטיגט זיי צו דעם ראַנג פון אָפיציערען. זיי האָבען געוואוסט, אז מען וועט זיי נישט געבען דיעזען ראנג, פונדעסטוועגען זיינען זיי אריין אין דער מלחמה.

דיא אידישע יוגענד, וועלכע איז אלס רעזולטאט פון דיא ביל־דונגס־בעשרענקונגען געוועזען געצוואונגען אויסצוואוואנדערען נאָך אויס־לאנד, אום צו געניעסען פון בילדונג, האט זיך אומגעקעהרט אהיים, ווען קריעג איז ערקלעהרט געוואָרען, אָדער זיך אָנגעשלאָסען אָן דיא ארמעען פון דיא פערבינדעטע נאציאָנען. א גרויסע צאָהל אידישע סטודענטען איז געפאלען ביי דער פערטהיידיגונג פון ליעזש און ביי אנדערע פונקטען אויף דעם וועסטליכען קריעגס־פראָנט.

דיא ציוניסטישע יוגענד, ווען עס איז איהר פאָרגעשטאנען דיא ברירה ענטוועדער צו ווערען טערקישע אונטערטהאנען, אָדער צו פער־לאָזען פאלעסטינא, האט זיך אויסגעקליבען צו עמיגרירען נאָך אלעק־סאנדריען און דאָרט זיך אָנשליעסען אָן דער ענגלישער ארמעע.

דיא אידען האָבען געבויט האספיטעלער, בייגעטראָגען געלד און אנטהייל גענומען אין דער מלחמה אין יעדער הינזיכט, פונקט וויא דיא אנדערע בירגער האָבען געטהאָן. פיעלע אידען האָבען זיך אויס־געצייכענט פאר זייער אויפפיהרונג ביים פראָנט.

פאר מיר ליעגט א בריעף פון א אידען, וועלכער האט זיך אומ־געקעהרט פון אמעריקא:

„איך האב ריזיקירט מיין לעבען — שרייבט ער — און ווען איך בין געקומען אזוי וויט וויא ארכאנגעלסק, איז עס געווען ווייל איך האב געליעבט מיין פאטערלאנד מעהר וויא מיין לעבען און דיא אמעריקאנער פרייהייט, וואָס איך האב געקענט געניעסען. איך בין געוואָרען א סאָלדאט און האב פערלאָרען מיין ארעם כמעט ביז דעם שולטער. מען האט מיר געבראכט נאָך קורלאנדער גו־בערניע. גלייך וויא איך בין אָנגעקומען אין ריגא, האב איך

אויפ'ן וואקזאל געטראפפען מיין מוטער און מיינע קרובים, וועלכע זיינען דארט נאר וואס אנגעקומען, נאכדעם וויא מען האט זיי פערטריבען פון זייער היים אויף דעם בעפעהל פון דיא מיליטערי־שע בעאמטע. זאגט דיא הערנען, וועלכע זיצען אויף דיא בענק פון רעכטס, דאס איך בעדויער ניט דעם פער־לוסט פון מיין ארעם, אבער איך בעדויער טיעף דעם זעלבסט־רעספעקט, וואס מען ענטזאגט מיר נישט אין פרעמדע לענדער, און איז יעצט דא פאר מיר פערלארען."

אזוי איז דער סענטימענט פון דיא אידען, וואס איז אויסגע־דריקט געווארען אין פיעלע אפיעלס און ערקלעהרונגען אין דער פרע־סע, און צולעצט אויך אין דיעזען זאאל. געוויס האט מען דאך בע־דארפט דיעזע סענטימענטען אין אנבעטראכט נעהמען. מען דארף דאך האבען א רעכט צו דענקען, אז דיא רעגיערונג וועט אננעהמען מיטלען צו פערלייכטערען דעם שיקזאל פון דיא אידען וואס געפי־נען זיך אין דעם סאמע צענטער פון דיא מלחמה פאסירונגען. דעס־גלייכען, דארף מען דאך אין אנבעטראכט נעהמען דיא סענטימענטען פון הונדערטע טויזענדע אידען, וואס פערגיעסען זייער בלוט אויף דעם שלאכטפעלד.

אבער אנשטאט דעם זעהען מיר גאר, דאס מיט דעם אנפאנג פון דער מלחמה זיינען דיא אונטערדריקונגען געגען דער אידישער בעפעלקערונג ניט נאר ניט געווארען שוואכער, זאנדערן, אין געגענ־טהייל, זיי זיינען געווארען פיעל שטארקער, פערטריעבען זיינען גע־ווארען דיא אידישע מענער און פרויען, וועמעס מאנען, קינדער און ברידער פערגיעסען זייער בלוט פאר דעם פאטערלאנד. א פער־וואונדעטער סאלדאט מיט דעם נאמען אלעקסאנדער ראסכאוו, וועל־כער איז געשאסען געווארען אין אויג, איז געקומען נאך כארקאוו פיר מעדיצינישע בעהאנדלונג. אויף זיין פאספארט איז געווען בע־צייכענט: „זאל געשיקט ווערען צו דער טשערטא." דער סאלדאט גאדלעווסקי, וועמען מען האט ארונטערגענומען א פוס און ער האט זיך געפונען אין ראסטאוו־אם־דאן פיר ערהאלונג, האט מען געוואלט צוריקשיקען צו זיין געבורטס־שטעדטעל אין קאלישער גובערניע, וואס איז שוין געווען פערנומען פון דיא דייטשען; און נאר דיא טהעטיג־קייט פון דעם זעמסטווא סאיוז האט אויסגעווירקט ער זאל דארט קע־

נען בלייבען. אן אפטייקער׳ס געהילפע, וועלכער איז פערוואונדעט
געווארען אויפ׳ן שלאכטפעלד, האט מען נישט ערלויבט צו בלייבען
אין פעטראגראד זיך צו קורירען, און נאר דורך בעזאנדערע בעמי־
הונגען האט מען איהם ערלויבט צו בלייבען בלויז צוויי מאנאט מיט
דער אויסדריקליכער אנווייזונג, דאס מעהר וועט מען זיין צייט ניט
פערלענגערען.

אין א לאנגע מלחמה מישען זיך צוזאמען גליקליכע פאסירונגען
מיט אונגליקליכע, און אין יעדען פאל איז זעהר נוצליך צו האבען
אין רעזערוו א שעיר המשתלח. פיר דיעזען צוועק עקזיסטירט דיא
אלטע פירמא — דער איד. קוים האט נאר דער שונא ערדייכט אונ־
זערע גרענעצען, איז שוין ארויס א קלאנג, אז אידיש גאלד פליעסט
צו דיא דייטשען אין אעראפליינס, אין טרונעס און אין דיא איגגע־
וויידע פון געגז!

קוים איז דער שונא געגאנגען ווייטער, איז שוין וויעדער ער־
שיענען דער אייביגער איד „אויפ׳ן ווייסען פערד", פיעלייכט דער־
זעלבער וועלכער איז אמאהל געפאהרען אויפ׳ן ווייסען פערד דורך
דער שטאדט צו מאכען פאגראמען. דיא אידען האבען געמאכט טע־
לעפאנס, צערשטערט טעלעגראף־ליניען. דיא לעגענדע איז געוואק־
סען, און מיט דער פלייסיגער אונטערשטיצונג פון דער רעגיערונג
און מיט דער אגיטאציאן אין דיא אפיציעלע קרייזען, האט זיא אנ־
גענומען ריעזיגע פראפארציאנען. א סעריע פון אונגעהערטע גרוי־
זאמע מיטלען זיינען אנגענומען געווארען געגען דיא אידען. דיעזע
רדיפות זיינען אויסגעפיהרט געווארען אין דיא אויגען פון דעם גאנ־
צען פאלק און האבען געגעבען אנצוהערען דעם פאלק און דער ארמעע,
דאס דיא רעגיערונג אנערקענט דיא אידען פאר שונאים און דאס זיי
דארפען בעהאנדעלט ווערען אלס אזעלכע און אויסגעשלאסען ווערען
פון געזעץ.

ערשטענס האבען דיעזע מיטלען גענומען אויסראטען דיא אי־
דישע בעפעלקערונג פון פיעלע געגענדען ביז צום לעצטען מאן. דיע־
זע געצוואונגענע וואנדערונגען האבען שטאטגעפונען אין פוילען און
אין פיעל אנדערע טעריטאריען. בסך־הכל זיינען ארום א האלב מיל־
יאן מענשען פערטריבען געווארען צו ווערען בעטלערס און בראד־
יאגאס (טרמפס). יעדער וואס האט מיט זיינע אייגענע אויגען גע־

זעהן דיעזע גירושים, וועט זיי נישט פערגעסען אויף זיין גאנצען לע־
בען. דיא גירושים זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען אין פיער־און־
צוואנציג שטונדען, מאנכעס מאָהל אין צוויי טעג. פרויען, זקנים
און קינדער, און אָפט אויך קראַנקע, זיינען פערטריעבען געוואָרען.
אפילו דיא משוגעים האָט מען ארויסגענומען פון דיא אירוענאַנשטאַל־
טען און געצוואונגען דיא אידען זיי מיטצונעהמען.

אין מאָהילניצי האָט מען 5,000 מענשען ארויסגעטריעבען אין
צייט פון 24 שטונדען. זיי האָבען גענומען וואנדערען נאָך ווארשוי
דורך קאַלוואריע. זיי האָבען געמוזט וואנדערען דורך דיא פעלדער
אין לובלינער גובערניע און האָבען ניט געהאט דיא מעגליכקייט מיט־
צונעהמען זייער ביסעל אָרעמקייט. פיעלע האָבען געמוזט זיך שלע־
פען צופוס. ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין לובלין, האָט דער אידי־
שער קאָמיטעט זיי בעזאָרגט מיט שפייז, אָבער אָפּשטעלען זיך האָט
מען זיי ניט ערלויבט, און זיי האָבען גלייך געמוזט זיך שלעפען ווייַ־
טער.

אויפ'ן וועג האָט געטראָפען אַן אונגליק: א זעקס־יעהריגעס קינד
איז געפאלען און דער'הרג'עט געוואָרען. דיא עלטערען האָט מען
אפילו ניט ערלויבט מקבר צו זיין זייער קינד.

איך האָב אויך געזעהען דיא פליכטלינגע פון קאָוונער גובערניע.
מענשען וואָס זיינען נעכטען געווען נגידים, זיינען איבער נאכט גע־
וואָרען בעטלערס. צווישען דיא פליכטלינגע האָב איך געטראָפען אי־
דישע פרויען און מיידלאך, וועלכע האָבען געארבייט צוזאמען מיט
דיא רוסישע פרויען, גענייהט קליידער און געזאמעלט בייטרעגע פיר
דיא סאָלדאטען, און יעצט זיינען זיי געווען אין לאגער ביי דער אייַ־
זענבאהן. איך האָב געזעהען פאמיליען פון רעזערוויסטען.
איך האָב צווישען דיא פערטריעבענע געזעהען פערוואונ־
דעטע סאָלדאטען, וועלכע האָבען געטראָגען דעם געאָרגיעווסקי קרייץ.
מען זאָגט, דאָס דיא אידישע סאָלדאטען, מארשירענדיג דורך פוילען
האָבען געמוזט צוקוקען וויא מען טרייבט זייערע פרויען און קינדער.
מען האָט דיא אידען צוזאמענגעפאקט אין פראכט־וואגאָנען, פונקט
וויא פיה, און דיא פראכט־צעטלען בעצייכענט: „פיער הונדערט מיט
פופציג אידען אויף דער רייזע נאָך——.“

עס זיינען געווען פעלע, וואו גובערנאטאָרען האָבען גאָר אינ־

גאנצען נישט ערלויבט אריינצולאָזען דיא אידען. איך אליין בין געד
ווען אין ווילנא אין דער צייט ווען א צוג מיט אידען איז געשטאנען
פיער טעג ביים נאָוואָ־ווילייסקער וואָקזאל. דאָס זיינען געווען אידען,
וועלכע זיינע געשיקט געוואָרען פון קאָוונער גובערניע נאָך פאָלטאַ־
ווער גובערניע, אָבער דער פאָלטאווער גובערנאטאָר האָט זיי נישט
אריינגעלאָזען און האָט זיי צוריקגעשיקט נאָך קאָוונאָ, פון וואנען מען
האָט זיי ווידער געשיקט נאָך פאָלטאווא.

שטעלט זיך פאָר, אין א צייט ווען מען נויטהיגט זיך אין יע־
דען וואגאָן אויף טראנספערירען אמוניציאָן, ווען פון אלע זייטען הערט
מען קלאגען אז עס פעהלען טראנספאָרטאציאָנס־מיטלען, האָט דיא רע־
גיערונג זיך ערלויבט צו טהאָן אזא זאך! אויף איין וואָקזאל זיינען
געשטאנען 110 פראכט־וואגאָנען געפאקט מיט אידישע פליכטלינגע.

נאָך א מיטעל, וואָס איז פונקט אזוי אונגעהערט אין דער גאנצער
געשיכטע פון דער ציוויליזירטער וועלט, איז דיא איינפיהרונג פון דעם
אזוי־גערופענעם סיסטעם פון „ערבים“, און דיעזע ערבים נעהמט מען
ניט פון דעם שונא, נאָר טאקע פון רוסלאנד׳ס אייגענע אונטערטהאַ־
נען, פון איהרע אייגענע בירגער. מען האָט גענומען ערבים אין רא־
דאָס מיר האָבען שוין איבערשטייגט יענע עפּאָכע. קיין אידיש בלוט
האָט מען געהאלטען אונטער דעם שטרענגסטען רעזשים, און ביים
יעצטיגען מאָמענט געפינען זיך נאָך אונטער ארעסט אידישע ערבים
פון קיעלצער און ראדאָמער גובערניעס.

מיט א צייט צוריק האָט דער פיהרער פון דער אָפּאָזיציאָן, רע־
דענדיג וועגען דער שטעלונג געגען דיא אידען אפילו נאָך פאר דעם
אויסברוך פון דער מלחמה, זיך אויסגעדריקט, דאָס מיר האלטען ביי
דיא צייטען פון פערדינאנד און איזאבעללא. איך בעהויפּטע יעצט,
דאָס מיר האָבען שוין איבערשטייגט יענע עפּאָכע קיין אידיש בלוט
איז ניט פערגאָסען געוואָרען אין דער פערטהיידיגונג פון שפאניען,
אָבער אונזער בלוט פליעסט אין דער פערטהיידיגונג פון רוסלאנד.

יא, מיר זיינען הינטער דער טשערטא פון דיא געזעצע.
מיר זיינען אונטערדריקט, מיר האָבען א שווערען לעבען,
אָבער מיר ווייסען דיא קוועלע פון אלע צרות. זיי קומען פון יענע
בּיינק (אָנווייזענדיג אויף דיא מיניסטאָרען־פּלעצער). מיר ווערען
אונטערדריקט פון דער רוסישער רעגיערונג, אָבער ניט פון דעם רוסי־

שען פאָלק. וואָרום, אלזאָ, איז עס אַן איבעראַשונג, ווען מיר ווינ־
שען צוזאַמענצושליסען אונזער שיקזאל ניט מיט דער רוסישער רע־
גיערונג נאָר מיט דעם רוסישען פאָלק? ווען מיט דריי יאָהר צוריק
איז דאָ פערהאַנדעלט געוואָרען דאָס געזעץ וועגען כעלמער גובערניע,
האָבען מיר דאַמאָלס ווען געהאט אויפ׳ן געדאַנק, אַז דיא שטיפטער
פון יענעם געזעץ וועלען אין אַ קורצע צייט ארום זיך שאַרען און
בוקען פאַר אַ פרייען אויטאָנאָמישען פוילען? מיר האָפען פונקט
אזוי, דאָס דיא צייט איז ניט ווייט, ווען מיר וועלען קענען זיין ביר־
גער פון דעם רוסישען שטאַאט מיט פולע גלייכהייט פון פריווילעגיען
מיט דעם פרייען רוסישען פאָלק.

פאר דעם געזיכט פון דעם גאַנצען לאַנד, פאַר דער גאַנצער צי־
וויליזירטער וועלט, ערקלעהר איך, דאָס דיא בלבולים געגען דיא אידען
זיינען דיא אבשייליכסטע ליגענס און אויסטראַכטונגען פון פערזאָ־
נען, וועלכע וועלען דאַרפען זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר זייערע פער־
ברעכענס. (אפלויז פון לינקס)

עס איז אָבהענגיג אָן אייך, הערען פון דער גאָסודאַרסטווענאַיאַ
דומא, צו זאָגען דאָס וואָרט פון ערמוטהיגונג, אַנצונעהמען דיא האַנד־
לונג, וואָס קען ערלעזען דיא אידען פון זייערע יעצטיגע צרות און זיי
צוריקברייגען אין דיא רייהען פון דיא רוסישע בירגער וואָס פער־
טהיידיגען זייער פאַטערלאַנד. (געשרייען פון רעכטס).

איך ווייס נישט אויב דיא גאָסודאַרסטווענאַיאַ דומא וועט אזוי
האַנדלען; אויב זיא וועט אָבער יאָ אזוי האַנדלען, וועט זיא ער־
פילען אַן עהרען־פערפפליכטונג און אַ טהאַט פון קלוגע שטאַאטס־
מאַנשאַפט, וואָס איז נויטהיג פיר דעם פערדיענסט און פיר דער גרויס־
קייט פון דעם פאַטערלאַנד. (אפלויז פון לינקס).

## אויסצוג פון אַ רעדע פון באַראָן ראָזען פאַר'ן גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט.*)

---

(אויגוסט 22, (סעפּט. 4), 1915)

---

(איבערזעצונג פון „רעטש“ נומער 231, אויגוסט 23 (סעפּט. 5), 1915.)

---

באַראָן ראָזען האָט אָנגעפאַנגען זיין רעדע מיט דער ערקלעהרונג, דאָס וועהרענד דיא פראַגע פון פּראָוויאַנט פיר דער אַרמעע און פלאָטע איז דיא הויפּטזאַך, איז אָבער דאָ נאָך אַ וויכטיגע זאַך, און דאָס איז דיא פראַגע פון דער אינלענדישער פּאָליטיק פון דער אימפּעריע. ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט זיינע צוהערער, דאָס אין מאַי 1913 האָט ער געוואָרענט דעם גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט וועגען דער קאַטאַסטראָפע וואָס הענגט איבער אייראָפּא, אָבער מען האָט זיין בעהויפּטונג אויפגענומען מיט לעכערליכקייט און צווייפעל. דער רעזולטאַט פון דיעזע שטעלונג איז יעצט קלאָהר פאַר אַלעמען. אין דיעזען גרויסען שטרייט איז יעצט קלאָהר געוואָרען, דאָס קיין צד וועט נישט קענען צושמעטערען דעם אנדערען, וויא מען האָט ערוואַרטעט ביים אָנפאַנג פון דער מלחמה. אָבער אפילו אַזוי וויא עס איז, מוז דיעזע מלחמה, וואָס ראַטעט אוים דיא ווייסע ראַסע, סוף־כל־סוף בעשלאָסען ווערען צו גונסטען פון איינעם פון דיא צוויי שטרייטענדע צדדים. ער דענקט, דאָס געוויסע אונפיהלבאַרע עלעמענטען, וואָס געהען אריין אין דער פראַגע, וועלען זיין פון גרוים וויכטיגקייט ביים שליסען דיא מלחמה. אוועקלעגענדיג אָן אַ זייט דיא פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און פּסיכאָלאָגישע פראַגען, וואָס האָבען געפיהרט צו דיעזען שטרייט, דענקט ער,

---

*) באַראָן ראָזען איז אַ געוועזענער רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין דיא יונייטעד סטייטס.

דאס דיא שליעסליכע פראגע איז געוועזן דיא ענטשיידונג פון דער וועלט צו קעמפפען געגען דער דייטשער לעהרע, דאס „מאכט איז גרעסער וויא רעכט, און רעכט ווערט געשאפפען נאר דורך מאכט". אונטער דיא אומשטענדען דארף, אלזא, אויסווייזען, אז דיא סימ־פאטהיען פון דער גאנצער וועלט זאלען זיין מיט דיא עליים. אבער אין דער ווירקליכקייט איז עס נישט אזוי; און עס זיינען דא עטליכע אורזאכען דאצו.

עס איז אהן צווייפעל אין אונזער מאכט אבצושאפען איינעם פון דיא פאקטארס, וואס קעמפפט געגען אונז אין דער עפענטליכער מיי־נונג פון דיא נייטראלע לענדער. אין דעם קאמפף וואס מיר, צוזא־מען מיט דיא העכסט ציוויליזירטע נאציאנען פון איירופא, פיהרען געגען דעם פאן־גערמאניזם, אימפעריאליזם און אבסאלוטיזם, און פיר רעכט און גערעכטיגקייט, פיר דער פרייהייט און אונאבהענ־גיגקייט פון דיא שוואכערע נאציאנען, וועלען מיר קרי־גען דיא פולע סימפאטהיע פון דער גאנצער וועלט נאר דאן, ווען מיר וועלען שטעלען אונזער אינערליכען פראנט — אויב איך מעג בענו־צען אזא אויסדריק — אויף א גלייכען באדען מיט דער פאליטישער אידעאלאגיע פון אונזערע העלדישע פערבינדעטע; צום ביישפיעל, אין אונזער פאליטיק צו דיא גרענעץ־לענדער און דיא אזוי־גערופענע פרעמדע ראסען וואס שטעלען צוזאמען דיא בעפעלקערונג."

בארא ראזען האט דאן ערקלעהרט, אז עס זיינען דא צוויי גע־גענגעזעצטע פאליטישע סיסטעמען, איינע וואס הערשט צווישען דיא עליים און דיא אנדערע צווישען דיא דייטשען.

„אם מעהרסטען שאדט דיא אמת'ע אינטערעסען פון רוסלאנד— האט בארא ראזען פארטגעזעצט — וואס מיר האבען אנגענומען און אויסגעפיהרט דעם עכט־דייטשען סיסטעם פון פאליטיק אין בעצוג צו אונזערע גרענעץ־לענדער און אזוי־גערופענע פרעמדע ראסען און פרעמדע גלויבענס, א סיסטעם וואס איז נאך מעהר פערפאלקאמט געווארען דורך דער צומישונג פון מיטעלאלטערליכע רעליגיעזע אונ־טאלעראנץ.

„עס מעג ערוויעדערט ווערען, דאס דער שיקזאל פון א קאמפף ווערט ענטשיידעט דורך מיליטערישע מאכט און ניט דורך גרעסערע אדער קלענערע סימפאטהיע פון נייטראלע לענדער פיר א פאליטיק

פון א געוויסען שטאַאט. **דיא דייטשע רעגיערונג דענקט נישט אזוי;**
זאָגסט וואָלט זיא נישט אויסגעגעבען אונצעהליגע מיליאָנען פיר פּאָן־
דייטשע פּראָפּאַגאַנדאַ אין אלע לענדער פון דער וועלט, אפילו גאָר
דיא ווייטעסטע. אָבער מיר, דאַגעגען, ניט נאָר פערפעהלען מיר צו
בעקעמפּפען דיעזע פּראָפּאַגאַנדא, זאָנדערן דורך דעם גאַנג פון אונ־
זערע היימישע פּאליטיקס גיבען מיר אין דיא הענד פון דיעזער פּראָ־
פּאַגאַנדא מעכטיגע ארגומענטען אויף ערוועקען געגען אונז דיא עפענט־
ליכע מיינונג אין אַזעלכע לענדער ·וויא דיא פעראייניגטע שטאַאטען
פון אמעריקאַ, דיא איינציגע גרוסע נייטראַלע מאַכט, און שוועדען,
אונזער נאַכבאַר.

„עס איז אונבעגרייפליך, אז דיא פערפאַסער פון אונזער פּאָליטיק
זאָלען נישט בעגרייפען, דאָס דיא פּראָפּאַגאַנדאַ, וואָס ווערט דירעק־
טירט געגען אונז, געפיהרט אונטער אָפּיציעלע אויפזיכט און אויסגע־
שטאַטעט מיט דיא בעסטע קוועלען, וועט אונזערע אינטערעסען און
דיא אינטערעסען פון אונזער פערבינדעטע נישט טהאָן איין צעהנט־
חלק פון דעם שאַדען, וואָס ווערט פעראורזאַכט צו דיעזע אינטערע־
סען דורך אונזער שטעלונג צו דער אידישער בעפעלקערונג פון רוס־
לאַנד און אונזער סיסטעמאַטישע פערגוואַלטיגונג פון דעם געזעצלי־
כען געוויסען פון דער פינלענדישער בעפעלקערונג — אַ שטעלונג
וואָס שמעקט מיט דיא פינסטערע צייטען פון מיטעלאַלטער.

„דיא פראַגע איז יעצט, וואָרום האָט דיא רעגיערונג נישט גע־
פונען פאר מעגליך אָן ענדע צו מאַכען מיט דיעזען פּראָבלעם איין
מאָהל פאר אלע מאָהל, וויא זיא האָט ענדליך — און אָך, וויא שפּעט!
— געשליכטעט דיא פראַגע פון אָן אויטאָנאָמיע פיר פּוילען? דאָס
קען נאָר ערקלעהרט ווערען דורך דעם פאַקט, דאָס דיא רעגיערונג
האָט געצעגערט זָפּצוברעכען מיט דער טראַדיציאָנעלער פּאָליטיק,
וואָס איז אזוי טהייער צום קריעגערישען נאַציאָנאַליזם.

„און דארום זיינען דיא דומא און דער סאָוועט געבונדען אין
פּפליכט צו קומען צו הילפע דער רעגיערונג אין דיעזע זאַך און נעה־
מען אויף זיך אליין דיא איניציאַטיווע אריינצוברענגען א געזעץ פיר
דער אָבשאַפונג פון דיא בעשרענקונגען פון דיא רעכט פון דיא אידען,
און פיר דער אָבשאַפונג פון דעם געזעץ פון 17־טען יולי בנוגע צו
פינלאַנד. דאָס אָננעהמען פון דיעזע געזעצע וואָלט אָהן צווייפעל

פערלייכטערען דיא שווערע אויפגאבע וואס שטעהט פאר דער רעגיע־רונג אין דער ספערע פון אינטערנאציאנאלע פערהעלטניסע, און וואלט פון אונזערע העלדישע פערבינדעטע אויפגענומען ווערען מיט דער לעבעדיגסטער צופריעדענהייט.

„מיר מוזען געדענקען, דאס דיעזע גרויסע אייראפעאישע מלחמה איז ניט נאר א קאמפף פון אינטערעסען, זאנדערן אויך א קאמפף פון אי־דעאלען און פרינציפען. אין דער שלאכט געגען דעם דייטשען מילי־טאריזם האט רוסלאנד זיך געשטעלט אויף דער זייט פון רעכט און פרייהייט, און פיר דעם טריאומף פון דער אידעע, פאר וועלכע מיר קעמפפען יעצט, איז נויטהיג אז אין רוסלאנד גופא, זאלען אויך ניט מעהר זיין קיין מענשען אהן רעכט און קיין מענשען אונטערדריקט.“

וויכטיג פיר אַלע רוסישע איממיגראַנטען

די

# ענגליש־רוסישע מעטהאָדע

(УЧЕБНИКЪ АНГЛІЙСКАГО ЯЗЫКА)

פון

## אלכסנדר הארקאַווי

איז אַ פּראַקטישע מעטהאָדע זיך צו ערלער־
נען די ענגלישע שפּראַך דורך רוסיש.

פיין געבונדען.

**פּרייז 35 סענט**

**HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

**50-52 Eldridge St., New York.**

# ענגליש־רוסישע מעטהאָדע

פון

## פ. מ. נוראק

א פאָלשטענדיגע מעטהאָדע צו לערנען ענג־
ליש רעדען, לעזען און שרייבען.

איינגעטהיילט אין 5 טהייל

צוזאמען מיט איבונגען, ענגלישע אנעקדאָטען און
טהיילען פון דער ענגלישער ליטעראטור אין פער־
זען, ווי אויך אַן ענגליש־רוסיש ווערטערבוך.
ענטהאלט 384 זייטען.

פיין געבונדען אין סילק־קלאָטה.

**פרייז 75 סענט**

**HEBREW PUBLISHING COMPANY,**
**50-52 Eldridge St., New York.**